# איינינע נאָטיצען פון יעקב גאָרדין'ס לעבען ביז ער איז אריבערגעקומען אהער קיין אַמעריקאַ.

יעקב גאָרדין איז געבאָרען געוואָרען דעם 1טען מיי 1853 אין מירגאָראיד, אין פאלטאוואסקי גובערניע אין רוסלאַנד.

דער פאטער איז געווען אַ משכיל, אונד האט זיך בעשעפטיגט מיט אַטקופּ.

דיא מוטער איז געווען אַ שטילע פרומע אידענע.

דיא עלטערן האבען איהם ערצויגען אונד געבילדעט אין דערהיים.

פון קינדווייז אָן האט ער געהאַט דיא געלעגענהייט צו לעזען פערשיעדענע רוססישע ביכלאך וועלכע האבען זיך געפונען בייא זיין פאטער, צווישען זייא אויך דיא ביכלאַך פון Современникъ и Сынъ Отечества

איינינע פון זייא האבען אויף איהם געמאכט אַ גרויסען איינדרוק, צום ביי־שפיעל, בולווער־ליטטאַנ'ס ראָמאַן WHAT WILL HE DO WITH IT? איבערזעטצט אין רוססיש האט אויף איהם געמאַכט אזא שטארקען איינדרוק אז ער געדיינקט נאָך ביז יעטצט פיעלע פּאָעטישע שטעלען פון דעם ראָמאַן, וויא אויך בעלאַנ'ס טעלעמאַק.

אַלס יונגער מאַן האט ער געלעזען ספרי השכלה, האט גוט פערשטאַנען דיא העברעאישע שפּראַך אונד האט געשריעבען מליצה.

צו דערזעלבער צייט האט ער געגעבען אוראָקען אונד האט פּאָרבערייטעט שי־לער צו גימנאַזיע אונד צו אַנדערע שוללען, ארום 1870 האט ער אנגעהויבען שרייבען אין דיא רוססישע צייטונגען וויא

„Одесскій Вѣстникъ“, “Голосъ“, „Новороссійскій Телеграфъ“ и „Правда“.

צו דער צייט איז ער געווען אַ מיטגליעד פון דעם מאלארוסישען קרוזשאָק וועלכער האט געשטרעבט אבצוטהיילען אונד בעפרייען מאלאראסיע פון רוססלאַנד.

פאַר דעם קרוזשאַק האט ער אנגעהויבען איבערזעטצען אויף מאלארוסישע שפּראַך דעם ערסטען קאַפּיטעל פון קאַרל מאַרקס קאַפּיטאַל נאר ער האט דאס ניט געענדיגט.

אין דער צייטונג „Заря“ ארויסגעגעבען פון דעם קרוזשאַק האט ער צום ערסטען מאָל אנגעפאנגען צו שרייבען בעלעטריסטישע ערצעהלונגען.

אין יאהר 1880 האט ער אנגעהויבען צו שרייבען אין „Недѣля“ אונד אַנדערע צייטונגען ערצעהלונגען, סקיצצען, אונטער דעם נאָמען Яковъ Михаиловичъ אָדער אונד טהעאַטער־קריטיקע אונטער דעם נאָמען Иванъ Колючій Янъ

אונד אַ צייט איז ער געווען ניט אָפיציעל דער רעדאַקטאָר פון Одесскія Новости и Елисаветградскій Вѣстникъ.

זייענדיג דיא גאַנצע 10 יאהר פון 1880 ביז 1890 פערדעכענט בייא דער פּאָליציי אַלס אַ פערדעכטיגע פּערזאָן, האט איהם דיא צענזורע איממער שטרענג בעהאנדעלט, ביז אין 1890 האט זיך דיא צענזורע שטארק גענוממען פאר איהם, אונד זיינע ארטיקלען, ער האט געפּרובט שרייבען אונטער פערשיעדענע אויסגעטראַכטע נעמען וויא Коловратъ, Алфей, א. ז. וו. אבער דאס האט ניט געהאָל־פען. דורך זיין בעקאַנטשאַפט מיט איינינע אין דיא הויכע פענסטער, האט ער זיך דערוואוסט אז דער גובערנאַטאָר זוכט איהם צו בעגהאַלען אונד ער איז גלייך אוועק נאָך אַמעריקאַ. זייענדיג דאָ האט ער זיך דערוואוסט אז אין זיין הויז איז געווען איין אביסק.

# מגש

בכל אתות האהבה לידידו החכם הנעלה

## יעקב גארדין

במלאת עשר שנים למיום כתבו המחזה הראשון
להתיאטרון העברי

---

בָּרוּךְ מַעֲמָדְךָ לַאדֹנָי אֱלֹהֵי הַזִּמְרָה וְהַשִּׁיר,
וּבָרוּךְ אַתָּה בְּבוֹאֲךָ נוּיָארְקָה הָעִיר,
לְהַעֲשִׁיר סִפְרַת הַתִּיאַטְרוֹן בְּמֵיטַב הֶגְיוֹן,
וַתִּבְרָא תְקוּפָה חֲדָשָׁה בְּחָכְמַת הַחִזָּיוֹן.

זֶה שָׁנִים עֶשֶׂר מֵאָז בָּאתָ הֲלוֹם,
וּמַה שֻּׁנָּה הַתֵּיאַטֶר מֵאָז וְעַד הַיּוֹם!
הִנֵּה עוֹלָם חָדָשׁ מָלֵא חָכְמָה וְתוּשִׁיָּה,
כָּל-מֵבִין דָּבָר יִרְאֶה בַּבָּמָה הָעִבְרִיָּה.

גִּלּוּלֵי מַחֲזוֹת שָׁוְא מִגֵּיא חִזָּיוֹן הֶעֱבַרְתָּ,
וּלְעַם לֹא-בִינוֹת חֵךְ טַעַם יָצַרְתָּ,
וּבְרוּחֲךָ הַכַּבִּיר וּבְעֶטְךָ, עֵט שֹׁהַם,
לִמַּדְתָּ לְעַמְּךָ מוֹעִיל, יֹפִי וָנֹעַם.

יָקוּמוּ וְיַעֲנוּ בְךָ „הָאַחִים בְּנֵי לִיטָא“,
„הַכֹּמֶר הָעִבְרִי“, „הָאֶפְרָתִית“, „הַשְּׁחִיטָה“,
„אֱלֹהִים וְאָדָם וָשֵׁד“ כִּמַּשָּׂאוֹן,
אִם לֹא הָפַכְתָּ לְעֵדֶן גֵּיא-הַחִזָּיוֹן!

לָכֵן חַכְמֵי לֵב כַּבֵּד יְכַבְּדוּךָ,
וּבְמַקְהֵלוֹת קְהַל-עַם הַיּוֹם יְרוֹמְמוּךָ,
יַבִּיעוּ לְךָ תוֹדָתָם וְעִמָּם גַּם אָנִי
אָבִיא לְךָ שִׁירִי, מִנְחָה דַלָּה! מִנְחַת עָנִי.

ידידך מוקירך ומכבדך כחין ערכך הרם.

יצחק נאפעלבאום.

נויארק, נאוועמבער דען 13, 1901.

# דער ווערטה פון י. גארדין'ס דראמען.

דיא אידישע ביהנע האט פיעל צו פערדאנקען דעם צופאלל וואס האט געבראכט מר. גארדין'ען אין נויארק.

מר. גארדין האט דורך דעם צופאלל געפונען אין דעם אידישען טהעאטער דעם מעכטיגסטען מיטעל אויסצודריקען זיין „איך", זיינע אידעאלען, זיין קריטישען בליק אויף אונזער געזעללשאפטליכען לעבען, דער צופאלל האט איהם געהאלפען אויסצובילדען זיין בעדייטענדען דראמאטישען טאלאנט, מיט וועלכען דיא נאטור האט איהם בעשאנקען אונד וועלכען ער האט פאר דעם ניט געהאט דיא געלעגענהייט ארויסצוציינען.

דיא מאסע אידישע טהעאטער בעזוכער קוקט נאך ביז יעצט אויף'ן טהעאטער ווי אויף א צייטפערטרייב, אויף א מין אמוזירען זיך וואס שטעהט ניט פיעל העכער פון'ם אמוזירען זיך אין א סאלון, אין א טאנץ-קלאס, זיא איז נאך גאנץ ווייט פון בעטראכטען דעם טהעאטער אלס א טעמפעל פון וואהרע קונסט, וואו דער דיכטער זוכט איבערצוגעבען זיין גייסטליכען לעבען, זיינע געדאנקען, זיינע געפיהלען, אונד זיינע סימפאטיען צו דיא צוהערער, וואו ער שטרעבט מיט זיינע קלארע, בולטע לעבענס-בילדער, מיט דיא הילפע פון דיא מיטלען, וועלכע דער טהעאטער אליין בעזיצט, צו מאכען דעם טיעפסטען איינדרוק אפילו אויף'ן איינפאכסטען אונענטוויקעלטען מענשען. ווי שוואך זאל ניט זיין זיין פארשטעללונגס-קראפט, וויא אונענטוויקעלט זיין פעהיגקייט צו בעאבאכטען אונד צו קריטיקירען דעם ארומיגען לעבען צווינגט דער דיכטער - דראממאטיקער דעם צושויער מיטצופיהלען אונד מיטצודיינקען מיט דעם פערפאסער, צו ערוועקען אין איהם דעם בעוואוסטזיין פון זיין אייגענעם לעבען אונד צו פעראינטערעסירען איהם אין דיא ליידען אונד לעבענס-קעמפפע פון אנדערע מענשען מיט אנדערע כאראקטערע.

גארדין איז דאס געוועזן דער ערשטער דראמאטישער שרייבער, וואס האט אוועקגעלעגט שעהנע עטליכע הארטע מראמארנע שטיינער צום פונדאמענט פון אזא טהעאטער-טעמפעל ביי אידען.

דיא אומשטענדען אונד זיין געבארענער טאלאנט האבען איהם געמאכט פאר דעם פאסענדסטען צו נעהמען זיך פאר אזא שווערע אויפגאבע אונד זיא געוויסערמאסען ערפאלגרייך דורכצופיהרען. ער איז געבארען אין א פריידענקענדע ניט קיין פאנאטישע פאמיליע. אין יוגענד האט ער געהאט דיא געלעגענהייט צו קומען אין נאהענטען פערקעהר מיט פערשיעדענע שיכטען פון דער אידישער געזעללשאפט אין זיד-רוססלאנד, וואו דיא אידען זייענדיג נעהענטער צו דער נאטור אונד זייענדיג מעהר אויסגעמישט מיט דיא גוים, האבען פערלארען דעם שטרענגען ארטהאדאקסישען כאראקטער פון דיא געשלאסענע געמיינדען פון דיא ליטווישע אידען.

אלס יונגערמאן איז ער געקומען אין פערקעהר מיט דעם יונגען דור פון אידעאליסטען, וואס האבען געשטרעבט צו א נייע געזעללשאפטליכע ארדנונג אונד צו א פרייען לעבען, דאן אלס מיטארבייטער אונד טהעאטער-קריטיקער אין פערשיעדענע רוססישע צייטונגען אין אדעססע האט ער געהאט דיא געלעגענהייט נאהענט בעקאנט צו ווערען מיט דיא רוססישע ליטעראטען אונד מיט'ן רוססישען טהעאטער.

פערפאלגט פון דער צענזור, איז ער געצוואונגען געוועזן צו פערלאזען רוססלאנד אונד דא קומט ער אן אין אמעריקא א מאן פון א יאהר 39 מיט בעשטימטע, פעסט-געשלאסענע איבערצייגונגען אונד אידעאלען, וועלכע דער אמעריקאנישער לעבען קען שוין ניט איבערברעכען. דאס איז, ערשטענס, וואס האט גארדין'ען געמאכט פאר דעם פאסענדען דראמאטורג אויסצופיהרען אזא שווערע אויפגאבע וויא אויפצוהויבען דיא אידישע ביהנע וואס געהאט מעהר עהנליכקייט צו א באלאגאן, צו דער שטופע פון א גוטען אייראפעאישען טהעאטער.

צווייטענס, דורך זיין אינטימע לאנגע בעקאנטשאפט מיט דער רוססישער ליטע-

ראַטור אונד מיט'ן טהעאַטער האט ער ערוואָרבען דיא גוטע זייטען פון דער רוססישער ריכטונג אין ליטעראַטור, וואס מאַכען זיא פאר איינע פון דיא בעסטע ליטעראַטורען אין דער וועלט.

אין רוססלאַנד שפיעלט דיא בעסטע ליטעראַטור דיא ערסטע ראָללע אין דער זאַך פון ערציעהען אונד אויפקלערען דאס פובליקום. דיא פאָרטגעשריטענע יוגענד האט זיך אויפגעהאָדעוועט אויף דיא בעסטע ליטעראַרישע ווערקע פון איהרע שרייבער, וועלכע זיינען ניט בלויז טאַלאַנטפאָללע קינסטלער, אבער אויך צו דערזעלבער צייט פערטרעטער פון דיא נייע אידעען אונד שטרעבונגען צו א בעסערען פרייערען אונד ברידערליכען לעבען.

דער רוסיישער רעאַליסטישער שרייבער איז ניט א שרייבער מיט א פערשטיינערטע, אונפיהלענדע הארץ, ער זוכט ניט צו אונטערדריקען זיינע אייגענע געפיהלען, אונד זיינע סימפאַטיען צו געוויסע ריכטונגען אין לעבען, צו דיא אדער יענע פערזאָן, זיינע אנשויאונגען איבער דיא אדער יענע געזעללשאַפטליכע ערשיינונגען, ער פאססמאַקעוועט זיך ניט מיט מאָהלען נור דיא עקעלהאַפטע, אבשייליכע אונד בעסטיאַלע זייטע פון מענשען. זיינען דען דיא גוטע זייטען פון מענשען וועניגער רעאַליסטיש וויא דיא שלעכטע? זיינען דען דיא געפיהלען אונד געדאַנקען פון דעם פערפאַסער זעלבסט ניט רעעל? אום צו זיין א דיכטער פון דעם אמת'ן לעבען איז ניט נויטהיג, אַז דער פערפאַסער זאָלל מיט א פערשטיינערטער הארץ קוקען גלייכגילטיג אויף דיא פערשיעדענע לעבענס־ערשיינונגען אונד מאָהלען זייא אַללע גלייך מיט דיזעלבע קאַלטבלוטיגקייט.

פערקעהרט, וואס טיעפער זיינע געפיהלען, וואס רייכער זיינע געדאַנקען, וואס פעסטער זיינע איבערצייגונגען, וואס שטאַרקער ער איז דורכגעדרונגען מיט דעם פאָרטגעשריטענעם גייסט פון זיין צייט, אַלץ מעכטיגער וועט זיין דער איינדרוק וואס ער מאַכט אויף זיינע לעזער, אַלץ גרעסער וועט זיין זיין מאַכט צו ערציעהען אונד אויפצוהויבען דעם לעזענדען פובליקום צו זיך.

פון דעם קינסטלער נאָוועליסט אדער דראַמאַטורג פאָרדערט זיך נור ער זאָלל אויסדריקען זיינע געדאַנקען אונד געפיהלען ניט מיט פילאָזאָפישע בעהויפטונגען, אבער מיט וואַהריי בילדער פון דעם ארומיגען מענשען לעבען, עס פאָרדערט זיך נור אַז זיינע נייגונגען אונד סימפאַטיען זאָללען איהם ניט פערבלענדען אזוי ווייט אַז ער זאָלל פערליערען דעם געפיהל פון ארטיסטישע וואַהרהייט, אַז ער זאָלל פערליערען דיא פעהיגקייט צו בליקען מיט אָפענע אויגען אונד צו דענקען מיט א אָפענעם מוח. מיט איין וואָרט, דיא רוססישע גרויסע שרייבער האבען דיא נשמות פון אידעאַליסטען אונד דיא מעטאָדע אונד דאס קענען פון דעם אמת'ען לעבען פון דיא רעאַליסטען אונד צו דיא אַרט שרייבער געהערט אונזער טאַלאַנטפאָללער דראַמאַטורג, גאָרדין. מיט זיין 10 יאהריגער טהעטיגקייט אויף דער אידישער ביהנע אין נויאָרק האט ער ניט נור אויפגעהויבען דעם אידישען טהעאַטער פון זיין באַלאַגאַנישען צושטאַנד, ער האט אויך געהאָלפען צו ענטוויקלען אונזערע שוישפיעלער. אונד ער האט אונז געגעבען דיא מעגליכקייט צו זעהען, אַז צווישען אונזערע אַקטיאָרען געפינען זיך טיכטיגע קינסטלער וואס האבען זיך גאר וועניג צו שעהמען פאר דיא אייראָפעאישע שוישפיעלער, ווער עס האט געזעהען מאַדאַם ליפצין אין „מירעלע אפרת“ מוז צוגעבען, אַז זיא בעזיצט א גרויסען טאַלאַנט פאר געוויסע דראַמאַטישע ראָללען פון דעם אידישען לעבען.

ביז יעצט קלינגט אין מיינע אויערען איהר „גאָט פון אברהם“ א. ז. וו. פולל מיט טרויער אונד טרויסט צו דערזעלבער צייט צוזאַמען. אדער איהר „למנצח“ אין דערזעלבער פיעסע. ווער עס האט געזעהען קעסלער'ן אין דער ראָלע פון רבי צלאל ראַפאָפאָרט אין דער „שחיטה“, זיין זיצען ביי'ן טיש און לערנען זוהר, אדער אין דער „שבועה“, זיין ערקלעהרען זיך אין ליעבע צו דער פאָטששטאַרקע, מוז אַנערקענען, אַז ער איז א וואַהרער ארטיסט. אויך מאַד. אַבראַמאָוויץ, וועלכע בעזיצט מעהר פון אַלעמען דעם קינסטלערישען געשמאַק ניט איבערצוטרייבען אונד ניט איבערצוזאַלצען איהרע ראָלען, מאַגולעווסקי אונד פיעלע אַנדערע.

געוויס איז דאס געוועזען ניט א לייכטע זאַך מיט אמאָל א שפרונג צו טהון פון אַזא ניעדריגע שטופע אין וועלכע דער אידישער טהעאַטער האט זיך געפונען מיט 10 יאהר צוריק צו דער הויכער שטופפע, אין וועלכע דער טהעאַטער געפינט זיך אין דיא ציוויליזירטע לענדער פון אייראָפא.

ביז יעצט שטעלט נאך דיא גרעסטע טהייל פון אונזער פובליקום, דער ביהנע גאנץ גיעדריגע פארדערונגען. ער האט ליעב דיא איינפאכע אויפרעגונג פון זיינע נערוועז ער, דער געוועהנליכער אידישער טהעאטער־בעזוכער קימערט זיך גאנץ וועניג וועגען דיא לעבענס־וואהרהייט פון דיא פארגעשטעלטע בילדער, דיא פיינע שטריכען, דיא טיעפקייט, מיט וועלכער דער פערפאסער מאהלט זיינע כאראקטערע, זיינע דראמען־העלדען, וועגען דיא געפיהלען אונד געדאנקען, וועלכע דער פערפאסער שטרעבט צו ערוועקען מיט זיינע בילדער, ער איז צופריעדען אז ער הערט וויצען וואס קיצלען איהם, ווער עס זאל זיי ניט זאגען, צו זיי פאסען זיך צו דער פערזאן וואס זאגט זיי, צו זיי דריקען אויס דעם כאראקטער פון דער פערזאן וואס זאגט זייא, אבי ער לאכט, ער האט ליעב עס זאל פרעהלאך זיין אויף'ן סצענע, מען זאל זינגען אונד טאנצען, וואס מאכט דאס איהם אויס צו דארף דיא פערזאן זינגען אונד טאנצען צו עס פאסט זיך אין דעם מאמענט לוסטיג צו מאכען זיך, אבי עס איז לעבעדיג אונד פרעהלאך.

דאס בעסטע טהעאטער־שטיק איז בייא איהם דיעניגע, וואס האט אין זיך גענוג שטאף צו מאכען איהם וויינען אונד לאכען, גענוג טרויער און לוסטיגקייט, שארפע, קיצעלנדע וויצען, זיסע הויכע פראזען. ער איז א קנאפער שעצער פון קונסט. געפעהלט איהם ניט א געוויסע פערזאן אויף דער ביהנע איז ארויסגעווארפען די שווערע ארבייט פון אקטיאר, זאלל ער זיך טויזענד מאל זיין איין ארטיסט, וויא טיעף ער זאלל ניט פערשטעהען זיין ראללע, וויא פאלקאם ער זאל דיא פערזאן ניט פארשטעלען אויף דער ביהנע, וויא יעדע זיינע בעוועגונג, יעדעם ווארט, יעדע מינע, יעדער קעהר זאל ניט זיין אנגעפאסט צו דער פערזאן, וועלכע ער שפיעלט, וועט מען איהם אויספייפען אנדער ביהנע, וויא יעדע זיינע בעוועגונג יעדעם ווארט, יעדע מינע, יעדער קעהר זאל ניט שטאט דיא פערדיענטע הילכיגע אפלאדיסמענטען, מיט וועלכע זיין קונסט וואללט געוען אבגעשעצט אויף א גוטער אייראפעאישער סצענע.

דאס ווייזט אפילו אז דער אידישער צושויער נעהמט דיא זאך ערנסט גלייך וויא דער אקטיאר וואלט געוועזן דיא לעבעדיגע פערזאן וועלכע ער האסט פאר איהרע שלעכטע האנדלונגען, אבער דאך אזא האלטונג צו זיין ארבייט — אזא שעטצונג פון זיין ארטיסטישען טאלאנט קען וועניג געבען מוטה דעם אקטיאר צו ענטוויקלען אין זיך דעם ארטיסטישען טאלאנט וואס ער בעזיצט, עס צווינגט איהם מעהר צו שטודירען וויא צו געפעהלען דעם אונענטוויקעלטען פובליקום וויא צו בלייבען טריי צו זיין קונסט וועלכע ווערט אבגעשעצט מיט פייפען.

נאך א גרעסערען קאמפף וויא מיט דעם אונענטוויקעלטען פובליקום האט גארדין געדארפט אויסשטעהען מיט דיא אקטיארען אונד נאך מעהר מיט דיא מענעדזשערס פון דיא טהעאטערע, פאר וועלכע דיא קאסע איז דיא איינצעלנע מאס פון ערפאלג אונד וועלכע האבען קיינע אנדערע גייסטיגע אינטערעסען אויסער מאכען געלד.

בייא אזא פובליקום וויא אונזערער שפיעלט דער אקטיאר דיא הויפט ראלע אין טהעאטער, אונד דער פערפאסער איז א נעבען־זאכע.

וואצו דיא זעלטענע שאפפונגס־קראפט פון דעם דיכטער־דראמאטורג, וועלכער שטרעבט אויסצוגיעסען זיין אינערליכען זעלען־לעבען אין וואהרע לעבענס־בילדער, וועלכע ענטוויקלען זיך פאר דיא אויגען פון דיא צושויער פון דיא אומשטענדען אונד פון דיא כאראקטערע אונד מיט אזא שעהנער הארמאניע, מיט אזא מעכטיגער לאגיקע אז דער צושויער איז געצוואונגען היניצורייסען זיך מיט דעם פערפאסער, דענקען און פיהלען מיט איהם; וואצו די שווערע ארבייט פון דעם טאלענטפאללען אקטיאר ריכטיג פארצושטעללען אונד אויסצודריקען וואס דער פערפאסער האט געוואללט, אז א פיעסע אהן א צוזאמענהאנג, אהן א צענטראלער אידעע, אהן געפיהלען אונד אהן געדאנקען, אבי זיא האט פיעלע גרויליכע עפפעקטען, שווידערהאפטע סיטואציאנען, פאנטאסטישע בילדער, וויצען האט דעם גרעסטען ערפאלג!

דער פערפאסער דארף ניט דענקען אדער פיהלען, ער קען צוזאמשטוקעווען א פיעסע, צונויפפיהרען א וואנד מיט א וואנד, ער פיהרט ארויף וויפיעל פערזאנען זיין הארץ געלוסט, העלדען פון פערשיעדענע עפאכען, פון פערשיעדענע לענדער, דער אקטיאר איז פרייא צו טאנצען אונד זינגען, צו וויצלען זיך, דא צושניידען אונד דא צוצוגעבען. קיין זאך וועט די פיעסע ניט קאליע מאכען, דאס פובליקום לאכט און וויינט. זעהט זיך אן וואונדערבארע סצענען, הערט זיך אן וויצען און אויסדריקע אהן א סוף

געהט אוועק ענטציקט, קוואדערם שיטען זיך, אלע זיינען צופריעדען אונד דיא מענעדזשערס נאך מעהר פון אללעמען.

אונטער אזעלכע אומשטענדען האבען דיא אקטיארען געטהון מיט דער פיעסע וואס זייא האבען געוואללט, זייא האבען געמעקט אונד געפיקסט אונד צוגעשריעבען וואס זייא האבען געוואללט, אונד אונטער אזעלכע אומשטענדען האט געמוזט גארדין קעמפפען.

דיא ערסטע צייט האט ער אליין פערשטאנען, אז ער מוז אין פיעלע הינזיכטען פערבויגען דיא ריינע קונסט, אז מיט א מאל קען מען ניט שפרינגען פון אזא תהום אין דעם פאראדיז פון וואהרע קונסט אריין, אז מען מוז נאכגעבען דעם ניעדריגען געשמאק פון פובליקום ביז א געוויסען גראד, אז מיט א מאל קען מען ניט שטארק אנגרייפען דיא איינגעווארצעלטע זיטען פון׳ם פאלק, אונד דאך ניט פערקויפען זיין געבארענעם טאלאנט, בלייבען טרייא זיינע אידעאלען. ביטטער האט ער געקעמפפט מיט דיא אומגעלומפערטע פרעכהייט, מיט וועלכע דיא אקטארען בעהאנדלען דעם פערפאסער׳ס טהעאטער־שטיק, ביז איהם איז געלונגען אזוי ווייט צו ערציעהען דאס פובליקום אונד דיא אקטיארען, אז פאר דיא לעצטע פאאר יאהר האבען מיר געהאט דאס גליק צו זעהען אויף דער אידישער ביהנע עכטע קינסטלערישע ווערקע אויפגעפיהרט מיט׳ן גרעסטען ערפאלג.

אין דער הינזיכט מוז מען דערמאנען מאדאם ליפצין. וואהרע קינסטלערין וואס זיא איז, ווייס זיא וויא צו שעטצען דעם פערפאסער־דראמאטורג; וויא גרויס עס איז ניט איהר דראמאטישער טאלאנט פערשטעהט זיא אז דיא אמת׳ע ראללע פון דעם אקטאר איז נור ריכטיג, קינסטלעריש וואהר אבצושפיעגלען דיא געדאנקען פון דעם פערפאסער, אונד צו שפיעלען צו דערזעלבער צייט אי נאטור־טרייא, אי טרייא צו דעם פערפאסער׳ס געפיהלען אונד בעגריעפע, טרייא דיא בעלייכטונג, וועלכע דער דיכטער גיט דאס מענשען־לעבען.

פערשטעהענדיג איהר פלאטץ, האט זיא ניט געוואגט צופאסען דיא ראללע צו זיך, פיקסען דיא ראללע וויא זיא פערשטעהט, אונד האט נור אנגעווענדעט איהרע גאנצע קרעפטען בעסער צו פערשטעהען דיא ראללע, אונד האט ניט געזשאלעוועט קיינע מיהע אונד קאסטען דורכצופיהרען איהר ראללע אזוי וויא א וואהרע קינסטלערין דארף דאס טהון. אפילו ווען איהר איז ניט געלונגען דורכצופיהרען געוויסע ראללען אזוי פאלקאם מיט אזא פראכט, וויא דיא וואו זיא איז אם בעסטען, וואו זיא איז דיא פאלקאמענהייט אליין, האט מען ניט געהערט פון איהר אז זיא זאלל ארויפווארפען דיא שולד אויף׳ן פערפאסער, אז דיא ראללע טויג ניט, נור זיא האט צוגעגעבען, אז דיא שולד ליעגט אין איהר זעלבסט, אז זיא קען ניט זיין פאלקאמען אין אללע ראללען.

יעצט שפיעלט מען פאר געפאקטע טהעאטערע ניט נור „מירעלע אפרת“, וואו דער אווטאר ריהרט ניט אן דיא טיעף־איינגעווארצעלטע זיטטען פון דעם אידישען פאלק, וואו ער שילדערט נור דעם לעבענס־קאמפף פון א רייכע שטארקע, פעהיגע, ליעבענדע אידישע מוטער אונד מאהלט מיט קרעפטיגע, ריהרענדע אונד וואהרע בילדער איהרע ליידען, וועלכע פאלגען מיט אזא לאגישער נויטהווענדיגקייט פון איהר כאראקטער, פון איהר פאלשער גאוה, פון דער שלעכטער ערציעהונג וואס זיא האט געגעבען איהרע קינדער אונד פון דעם צוזאמענשטויס מיט איהר שנור,—נור אויך דיא „שחיטה“ וואו דער פערפאסער גרייפט אן מיט דעם שארפען מעסער פון זיין קריטיק דיא גאנצע אידישע געמיינדע, וואו ער פרובט צו וועקען דיא פערשלאפענע אידישע זיטליכקייט, אבער ער צייגט מיט אזוינע קלארע בילדער דאס לעבען פון דעם ארמען רב, וואס פעראונגליקט זיין טאכטער, דעם פערדארבענעם רבי צלאל, וועלכער ווערט אזוי געאכטעט פון אללעמען, כאטש זייא ווייסען זיינע מעשים טובים. דער גוטהארציגער רב ליעבט זיין איינציגע טאכטער, ער זעהט אונד פיהלט שטארק איהרע ליידען אונד דאך ווען זיא קען שוין מעהר ניט אויסהאלטען אונד ענטלויפט מיט׳ן קינד צו איהם, צו איהרע ליעבע עלטערן, רעדט ער זיא איין זיא זאלל געהען צוריק צו איהר קבר, ווייל ער האט מורא פאר רבי צלאל. אונד אז דער פינאל ענדיגט זיך אין א געוואלטיגער סצענע, וואו דיא שוואכע טאכטער געטריעבען צום וואהנזינן קוילעט איהר מאן, צווינגט דער פערפאסער מיט זיינע מעכטיגע, וואהרע בילדער דעם פראסטען צושויער צו פערגעבען איהר איהר גרויליכע טהאט וואס דארף שטארק ענטריסטען דעם אידען ווייל ער פערשטעהט דעם פערפאסער׳ס געדאנקען, אז דיא כשר׳ע שחיטה פון דעם „הכול“ יועלכע שעכטען אונד „שחיטתן כשירה“, אז דיא קאלטבלוטיגע מערדעריי וואס פאסירט טאג־טעגליך אין אונזער געזעלשאפטליכען לעבען, מוז נאטירליך טרייבען דערצו, אונד ער זעהט אז דיא שולד ליעגט מעהר אין אונז, אין אונזער לעבען וויא אין דיעזער פרוי, וואס איז וואהנזינניג געווארען דורך אונזער געזעללשאפטליכע קאלטבלוטיגע מערדערייא.

אייגענטליך האב איך געוואללט אריבערגעהען צו דער אנאליזע פון גארדין׳ס אידעאלען וויא זייא שפיגלען זיך אב אין זיינע פיעסען, אונד צו א פאדראבנער קריטיק פון זיינע בעסטע דראממען, אבער דער פלאטץ איז צו קורץ.

אב. קאספע.

# א פּראָלאָג צו מירעלע אפרת.

„מירעלע אפרת" בעדאַרף קיין פּראָלאָג ניט
ריכטיג צו שאַטצען איהר ווערטה, איהר געוויכט,
פּונקט וויא מען דאַרף פאר דעם ליכטיגען טאג ניט
קינסטליכע פלאַממען צו ווייזען זיין ליכט;
און וויא מען זעהט אהן דעם שווימער'ס ערצעהלונג
דעם אָקעאַן'ס אונגעהויערע מאַכט,
פּונקט אַזוי צייגט זיך אהן פרעמדע עמפּפעהלונג
אונזער פערפאַסערס טאַלאַנט היינט ביי נאַכט.

* * *

באַלד וועללען אננעהמען דא אויף דער ביהנע
זיינע געדאַנקען פליייש, אטהעם און בלוט,
און איהר וועט וויעדערזעהן יענע מדינה
וואו עס רעגיערט איבער מענשען אַ קנוט;
וואו חנה דבורה'ס געקליעבענע קללות
זיינען דער אבקלאַנג פון אידישען קלאג,
וואו דיא פערפאָלגונגען און דיא בהלות
אויביג פערגיפטען אין יאהר יעדען טאג;
וואו יעדע פרייע און פרעהליכע מיענע,
איז אַזוי לאַנג אַזוי שטרענג אונטערדריקט,
אַז אַ ר' נחום'צע בעל נפקא מינה
ווערט דורך אַ טראָפּעלע סם נור דערקוויקט;
ער, וועלכער האַנדעלט מיט גאָט און זיין תורה,
לאַכט פון דעם דלות ביי זיך אין געצעלט
האַנדעלט און קלייבט פאר זיין כשרה סחורה
וועקסלען אויף יענע, דיא בעסערע וועלט.

* * *

באַלד וועט איהר האבען פאר אייערע אויגען
איהם און ר' שלמונען, וועלכער בעהעפט
אויך זיך צו גאָט, און געהט אין זיינע וועגען,
מעהר נישט ער האַלט ניט פון הימלעל־געשעפט;
גלאַט איז זיין צינגעלע, שאַרף איז זיין מוח,
און וואו עס בעט זיך פערקנייטשט ער אַ פאַלב;
דא דיענט ער גאָט מיט זיין האַרצען, זיין כוח,
דאָרטען בשתיקה — דיא גילדערנע קאַלב.

* * *

איהר וועט א יאָסעלען זעהן און אַ דאָניע
וועלכע דער גלות אין רוסלאַנד בעשאַפט:
יענעם אַלס שוועכליכען שטיעפקינד פון פאָניע
דיעזען אַלס וויסטלינג, אַן עפּעל אהן זאַפט;
ביידע מיט מוחות צודוללטע, צודרייטע,
ווינשענדיג גוטעס און טוענדיג שלעכטס—
שפּיעלט דער אַ קערטעל, יענער דיא פליימע
און פון זיין שפּיעל קומט אַרוים יענער קרעכץ,
וועלכער צייט הונדערטער ביטערע יאהרען
הערט זיך אין יעדוועדער אידישע הויז:
ווערט אין צובראָכענע הערצער געבאָרען,
קומט דורך געשלאָסענע ליפּפּען ארוים;
יאָסעלע — דאָניע, זיי וועלען ערשיינען
וויא אונזער דיכטער פאר אונז שטעלט זיי פאָר,
רוסישע אידישע טיפּען, וואס זיינען
שטיממען אין אויביגען קלעגליכען כאהר,
דאָרטען וואו טורמעס דיא פרייהייט בעהאַלטען,
און דיא אמונה דיא ליעבע דערשטיקט,
און וואו עס וואַנדלען אין מענשענגעשטאַלטען,
שדים פון גהינם צום הערשען געשיקט.

* * *

דיעזע און יאָסעלע'ס שיינדעל, אַלץ קינדער
פון אַ צוריסענעם לעבען אָהן טאָלק,
וועלכע עס פאָארט דער שלימזל דער בלינדער
אין דעם צוטומעלטען אידישען פאָלק.
שיינדעלע, יאָסעלע — שטורעם און פריעדען!
האַבזוכט — גענוגזאַמקייט, ליעבע און האַס!
געטליך פעראייניגט און מענשליך געשיעדען,
וואַסער און בוימאויל אַ פאָאַר אין אַ פאַס,—
ווער איז פון ביידען דער גוטער, דער שלעכטער?
ווער איז דער שולדיגער צד צווישען זיי?
ווער איז דער שולדיגער, ווער דער גערעכטער
אויף דיא פעראיינטע פערבלייבען רק צוויי?
דיעזע געשטאַלטען זיי רופט אונזער דיכטער
היער אויף דער סצענע ארוים היינט ביי נאַכט,
ער, וועלכער האט אונז געוויעזען געזיכטער
פנימער, הערצער און זעעלען מיט מאַכט;
ער, וועלכער האט אונזער לעבען געשילדערט
אונזערע זיטטליכקייט און אונזער פיהר
און האט דיא זיטטען פון אידען געמילדערט,

ער, דער פערפאַססער פון „אידישען ליער".
ער וועלכער האט, אום דיא מוחות צו בילדען
אויף'ן טהעאַטער דיא „לוריעס" געשטעללט,
זיי און דעם טיף פון אַ „מענשען אַ ווילדען",
וואונדערפאַלל אין זיין פערפינסטערטער וועלט ;
ער וועלכער האט אונז א „סאַפאָ" געגעבען
און האט אַ „אידישען גלח" געמאָלט,
טריי צו דער קונסט אונד טרייער צום לעבען,
קינסטליכע בילדער אין רעמלעך פון גאָלד ;
ער וועלכער האט אונז דעם „רוסישען אידען"
עלענד אין דאָללאַר'ס מדינה געצייגט,
עלענד אין פרייהייט, אין גלייכהייט פערשיעדען,
זינקענדיג טיעפער וואס העכער ער שטייגט ;
ער, וועלכער האט אונז אין צעהנדליגע דראַמען
אונזער געזעללשאַפט געצייגט און איהר בוי, —
ער וויי‍זט אייך איצטער דיא הארץ פון אַ מאַמען
זיעגענדיג איבער אַ מעכטיגע פרוי.

* * *

און דיעזען זיעג פון אַ ליעבענדע מוטער
איבער זיך זעלבסט,איבער גייסט און פערשטאַנד ;
דיעזען טריאומף,וואס דער עדעלער, גוטער
מענש טראגט אַרוים איבער שטאָלץ נאָך אַנאַנד—
„מירעלע אפרת" רופט דאס דער דיכטער ;
איך לאָז דעם אורטהייל אין אייערע הענד :
גאָרדין'ס פערעהרער זיינען דיא ריכטער,
איצט רעט זיין ווערק, דער פראָלאָג איז צו ענד.

מ. ווינטשעווסקי.

# י. גארדין'ס פערדיענסט אויף דער ניו יארקער אידישער ביהנע.

---

דעם אמת צו זאגען פיהל איך איינינגערמאסען אונבעקוועם שוין ביים ערשטען צוטריט צו בעהאנדלען וואס הערר יעקב גארדין האט אויפגעטהון פאר דער אידישער ביהנע. דיא אונבעקוועמליכקייט ליעגט קודם כל דעריין, וואס אום אבצושאצען עטוואס יואס איז פון יעמאנדען אויפגעטהון געווארען אויף א געוויסען געביט, מוז מען נויטווענדיגער ווייזע קענען פיהרען א קלאהרע אנאלאגיע צווישען דעם צושטאנד אויף דעם געוויסען געביט בעפאר דער טהעטיגקייט פון דעם יעמאנד אונד דעם צושטאנד אויף דעם זעלבען געביט נאך דער ווירקונג פון דעם זעלבען. אונד גראדע דיעזען פערגלייך איז שווער צו מאכען, טראטץ דעם וואס עס איז דוכט זיך אזוי פשוט וויא אויף דער האנד. עס איז שווער דארום, ווייל עס איז אונמעגליך צו בעשטיממען דעם צושטאנד אויף דער אידישער ביהנע איידער גארדין איז ערשיענען אויף איהר מיט זיינע פראדוקציאנען, אונד עס איז אויך גאנץ שווערלאך צו בעשטיממען דעם איצטיגען צושטאנד, טראטץ דעם וואס מען קען זעהר גוט בעשטימען דעם פלאטץ פון הערר גארדין'ס דראמען אין דער שעהן־ליטעראטור אונד אין דער דראממאטישער קונסט.

מיט דער אידישער ביהנע איז וויא מיט דער אידישער געשיכטע פון מעשה בראשית: אונד עס איז געוועזן תהו ובהו, אונד אויב בכח (אבער בשום אופן ניט בפועל) איז געוועזן שוין אויך דאן אויף דער ביהנע, אזוי וויא מיר האבען זיא געזעהען דא אין נויארק מיט איבער א יאהר צעהן צוריק, א שטיקעלע זריעה פון קונסט־גייסט, וועלכער האט געשוועבט אויף דער אבערפלעכע פון'ם וואסער, איז אבער דאס וואסערשטאף געווען אזוי צוגאסען איבער דיא ברעגען פון דער ביהנע אונד דער גייסט איז געווען אזא מגושם'דיגער, אז אין דיעזען גייסט איז ניט געווען קיין געטליכער הויך, וואס זאל שאפען לעבען, אונד אין'ם וואסער־שטאף קיין קערפערליך־פעסטעס, קיין אנהאלטס־פונקט אונד קיין אינהאלטס־וואונק, דאס עס זאל זיין מעגליך צו בעשטימען, צו וועלכער קאטעגאריע פון דראמאטישע אויפפיהרונג אדער צו וועלכער שטאדיע פון קונסטרענטוויקלונג עס בעלאנגט.

ווי קען מען עטוואס באטישיצם בעשטימט פארמולירען?

דיא קינדערשע, קאריקאטור־קאמישע בילדער פון גאלדפאדען האבען זיך פערביטען אויף היסטארישע שוישפיעלע פון דייטשע פסעוודא־קינסטלער, וועלכע זיינען פורים־שפיעלעריש פערקריפעלט געווארען אין אידיש פון „פערפאסער“ וואס קענען ליטעראריש ניט שרייבען. טרייא דעם אורשפרונג פון דער אידישער ביהנע זיינען דיעזע היסטארישע שוישפיעלע פון טראגישען אינהאלט, געשאפענע פון פסעוודא־קינסטלער אונד פורים־שפיעלעריש פערקריפעלטע פון שפראכלאזע איליטעראטען, דערצו נאך אויפגעפיהרט געווארען מיט דער קאריקאטור־קאמישע אויפפאסונג פון גאלדפאדען. אונד מען קען זיך פארשטעללען, וואס פאר כאאטישע פראדוקטען עס האט געליעפערט דיא ביהנע פאר דיא צושויער.

אבער דאס איז נאך ניט גענוג; אנאנדער זומפיגער עלעמענט קומט צו. דער אמעריקאנער באדען האט דא בייגעטראגען דאס זייניגע. דיא געלד־מאכערישע לוסט פון פיטי־בארנום האט זיך שטארק איינגעיאדעט אין אונזערע אידישע טהעאטער־אונטערנעהמער אונד דער ערשטער גייסט פון אסימילאציאן האט אנגעכאפט דעם פובליקום אין דער שטארקער תשוקה צו א „שאו“, אונד אט צואוויקעלט זיך אויף דער ביהנע היסטארישע שוישפיעלעכץ פון טראגישען אינהאלט, געשאפען פון דייטשע פסעוודא־דראמאטורגען אונד פורים־שפיעלעריש פערקריפעלט פון שפראכלאזע איליטעראטען, אויפגעפיהרט אין דער קאריקאטור־קאמישער אויפפאסונג פון גאלדפאדען

אונד אויסגעשטאטעט מיט אללע פיטשעווקעס פון א וואריעטי־שאו, גרינהארעניש נאכגעאהמט.

היינט געה אונד בעשטים צו וועלכע קלאסס פון קונסט דאס קען אונגעפעהר בעלאנגען. שילדערן יענע סצענעס וואס דיא סצענע האט מיט זיך פארגעשטעללט קען מען נור לצנות'דיג; ערנסט טהון דאס וואללט הייסען צוגעבען ווערטה צו א ווערטהלאזע זאך, אונד עס וואללט געווען פונקט אזא אונרעכט, וויא עס איז דאגעגען א חילול־השם, ווען מען זאלל וועגען איין ערנסטע קונסט־ווערק ריידען לצנות'דיג.

איך עראינער זיך א קלוגען ווערטעל, מיט וועלכען א בעקאנטער מיינער פלעגט אב'פטור'ען אויף'ן פלאטפארמע איין אונזיניגען דעבאטאנט: פעטער, זייט אזוי גוט אונד פרובירט ארויפלעגען אייערע ארגומענטען אויף'ן פאפיער; וויא וועט עס א ציקאוועס אויסזעהען געדרוקט שווארץ אויף וויים?—פלעגט ער א זאג טהון, ווען זיין געגנער פלעגט שיטען ארגומענט נאך ארגומענט, אין וועלכע עס איז קיין זיניגער געדאנק ניט געווען. ווירקליך. איהר קענט אמאל הערען א מענש רעדט, אונד עס דוכט זיך אז ער זאגט וואס, אז ער מיינט וואס; אמאל נאך געברויכט איינער אזעלכע געפליגעלטע ווערטער, געפלאכטענע זעצע אונד געגרייזעלטע געדאנקען, אז עס דוכט זיך, דער מענש זאגט וואס ערנסטעס, מיינט וואס פערנינפטיגעס. פרובירט דאסזעלביגע לייענען אויף'ן פאפיער—עס קומט אויס עפעס אזא מין פאר כאליעוועס צושמאלצען אויף פוטער, אז כאטש עס איז ניט מעגליך צו צוקייען פון דעסטוועגען כאפט אן א חלשות פון בויכוועהטאג.

איך ווייס ניט, אויב אין דעם גאנצען רעפערטואר פון דער אידישער ביהנע וואללטען זיך געפינען כאטש אייניגע פיעסען, וועלכע וואללטען געקענט געדרוקט זיין אונד זאללען האבען כאטש דעם מינדעסטען ליטעראַרישען ווערטה, וועלכע זאללען האבען אירגענד וועלכען ווערטה נאך דעם אינהאלט, נאך דער פארם, נאך דער טעכניק, נאך דער שפראך, א. ז. וו.; פרובירט יענע פראדוקטען ווירקליך לייגען אויף'ן פאפיער, פרובירט זייא לעזען געדרוקט אונד דאן וועט איהר ערשט דערפיהלען זייער געשמאקלאזען טעם, מערקען זייער זינן־לאזען געדאנק, זייער אינהאלטס־לאזע ספור המעשה, זייער לשון, זאלל מען בעהיט ווערען.

טיפען, סיטואציאנען, אטמאספערע, כאראקטערע, טענדענץ, אידעען, געשטאלטען, צייט אונד פלאטץ—אך, איהר קענט עטוואס אזעלכעס פון דארט ניט ארויספיהרען, ווען איהר זאללט וויא געדיכט אדער שיטער ניט זעען דורך דער רעשעטע פון קריטיק אונד וויא איהר זאללט ניט ארומטאפען דארט מיט דיא פינגער פון אנאליז. קורץ, ווערטהלאז פון וועלכען שטאנדפונקט איהר זאללט ניט נעהמען.

אט דאס איז געווען דער צושטאנד פון דער אידישער ביהנע. עס פלעגט אמאל אויפגעפיהרט ווערען א פראדוקציאן פון מעה'ערען ווערטה אויף דער אידישער ביהנע. אבער דאן איז דאס געווען גענומען פון א פרעמדער שפראך, וויא „אוריאל אקאסטא", צום ביישפיעל, זעהר ווייניגע פלעגען אויפגעפיהרט ווערען אזעלכע אונד זעהר זעלטען. פון אללעס דאס וואס מיר איז אויסגעקומען צו זעהען אויף דער ביהנע, וואס האט געהאט פרעטענזיעס אויף אידישער פראדוקציאן, קען איך נור רעכנען איינעם, וועלכע זאלל ווערטה זיין עראינערט צו ווערען אלס כאטש וויפיעל ניט איז דראמאטישער פראדוקט; דאס איז „טיסא עסלאר" פון העררן הורוויץ.

דיא אידישע פרעססע, דיא אויפקלעהרונגס־פרעססע, האט זיך מיט דעם טהעאטער אזוי גוט וויא ניט בעשעפטיגט. דיא אידישע פרעססע אלליין איז געווען דאן זעהר ארעם אין קוואנטיטעט, אבוואהל ווייט ניט ארעם אין גייסט, אונד עס איז אויך ניט געווען דיא צייט אונד ניט דיא געלעגענהייט צו אבגעבען זיך דאמיט. פיעלעס האט אויפגעטהון דיא פריהערדיגע קליינע סאציאליסטישע אונד אנארכיסטישע ליטעראטור וויא אויך דיא מינדליכע אגיטאציאן, פיעלעס פאר דער אויפקלעהרונג פון דיא ארעמע אונוויססענדע ברידער. אבער זייער ווירקונגס־קרייז איז געווען מעהר אין דער אויפקלעהרונג פון פאליטישע, עקאנאמישע, רעליגיעזע אונד געזעללשאפטליכע פרא־אויפקלעהרונג אונד דיא ליטעראַרישע פראדוקטען פון עטליכע אויסגעצייכענטע שריפטשטעללער אריגינעל אונד פיעל איבערזעצטעס האבען שטארק געווירקט אויף

דיא אויסאַרבייטונג פון אַ בעססערען געשמאַק אונד פון העכערע פאָרדערונגען אין דיא לעזער. אבער וויא געזאגט, דער טהעאַטער איז געבליעבען אן אַ זייט.

אונד וואס פאר אַ ווירקונג וואָללט געקענט האבען דיא שאַרפע קריטיק, ווען קריטיק האט גאר ניט געקענט אנגעווענדעט וערען? אַזעלכע שטות וויא עס איז אויפגעפיהרט געוואָרען האט נור געקענט שארף אנגעגריפען ווערען, סאַרקאַסטיש אפגעלאַכט ווערען, אבער בשום אופן ניט געקריטיקירט ווערען. עס איז קיין מוסטער־בילד פון דראַמאַטישער פראָדוקציאָן פון אַ אידישער פעדער ניט געווען, וואס זאָלל געגענגען. ווייטער איז אַללעס געווען זעהר בעשרענקט. זעלבסט־פערשטענדליך אַז דיעזע געשטעלט ווערען אונד נאך וועלכער עס זאָלל פערגליכען ווערען אָדער געמאָסטען ווערען דאס אונווירדיגע אום צו צייגען זיין אונווירדיגקייט אונד וויא עס דארף איםקאַסירט ווערען אנד לאָזען פלאַץ פיר דאס ווירדיגע.

אונד אָט ערשיינט אַ פּיעסע „סיביריע"— אַ גאַנץ אַנדער פראָדוקציאָן פון דיא וואס מען איז געוועהנט געווען צו זעהען. מענשען, כאַראַקטערע, שפּראַך, געדאַנקען, האנדלונג, ל ע ב ע ן. אונד מיר דוכט זיך, אַז דאס וואָרט לעבען קען אויסדריקען אַללעס. דאס לעבען קען זיין אַ טראַגעדיע פאר'ן מענשען וואס לעבט מיט'ן הארצען,— אַ קאָמעדיע פאר'ן מענשען, וואס לעבט מיט'ן שכל. אבער אַ פורים־שפּיעל קען דאס לעבען נור זיין פאר קינדער אָדער פאר לצים מיט פוסטע קעפּ אונד הערצער פון פאַדעשוועס. אונד דאס לעבען האט זיך אין גאָרדין'ס דראַמען אויף דער אידישער ביהנע ענטוויקעלט אַזוי ווייט, ביז מיר האבען דערזעהען אַזעלכע פראָדוקטען פון זיין פעדער וויא „מירעלע אפרת", „דיא שחיטה" אונד „גאָט מענש אונד טייפעל"— טיפּען, פּסיכיקע, אידעען, לעבענס־לוסט אונד לעבענס־קאַמפּף, לעבען אַזוי וויא לעבעדיג מען פיהלט, וויא לעבעדיג מען דיינקט, וויא לעבעדיג מען ליידעט, וויא לעבעדיג מען טריאומפירט, וויא לעבעדיג מען שטרעבט אונד וויא לעבעדיג מען ראַנגעלט זיך, לעבען וויא דאס נאַטירליכע לעבען אליין איז, ווען עס איז קאָפּירט דורך דעם טעמפּעראַמענט פון'ם דיכטער, וועלכער גרייפט אריין אהין מיט זיין טאַלענט. אונד אָט אין דעם תוהו ובהו אויף דער אידישער ביהנע, אויף וועלכער עס זיינען נור אויפגעפיהרט געוואָרען פּיעסען ניעדריגער פון קריטיק, וויייל

„ניכטס איזט איננען! ניכטס איזט אויסען!
דען וואס איננען איזט—איזט דרויסען".

צייגט זיך די פולע מעגליכקייט אויף דער זעלבער ביהנע דורך אַ אידישער פעדער דער

„גרייפט נור היניין אין'ס פאָללע מענשען־לעבען!
איין יעדער לעבט'ס — ניכט פּועלען איזט'ס בעקאַנט,
אונד ווא איהר'ס פּאַקט—דאָ איזט'ס אינטערעסאַנט".

מ. קאַטץ.

# די פאָרגעשיכטע פון'ם אידישען טהעאטער.

## I.

וויא אַלט איז דער אידישער טהעאטער?

אויף דיזער פראַגע צו ענטפערן איז אי זעהר וויכטיג, אי עס איז ניט אַזי לייכט. דער אידישער טהעאטער שפּיעלט היינט זעהר אַ גרויסע ראָללע אין דעם לעבען פון דיא אידישע מאַססען, בייא וועמען אונזער מאַמע־לשון איז דיא הויפּט־שפּראַך, אויב ניט דיא איינציגע. ניט נור איז טהעאַטער אַ מיטטעל וויא אַזוי זיך צו אַמוזירען, טהעאַטער ל ע ר נ ט אויך, דערמיט וואס ער צווינגט דעם עולם איבערצולעבען געפיהלען פון אַ געוויסען סאָרט אונד איבערצוקלעהרען געדאַנקען פון אַ געוויסער ריכטונג. דער טהעאַטער, הייסט עס, העלפט אויסבילדען דיא כאַראַקטערע פון דיא בעזוכער אונד ממילא העלפט ער שוין אויך אויסבילדען דעם כאַראַקטער פון דעם פאָלק, צו וועלכען דיא בעזוכער געהערען. היינט, אַז טהעאַטער — דער אידישער ניט ווענינער וויא וועלכער עס איז אַנדערער — איז יא אַזוי וויכטיג, מוז שוין אויך זיין זעהר ווינשענסווערטה צו וויסען זיין אנהויב. אגב, קען מען דעם אידישען טהעאַטער — אַקוראַט וויא אירגענד וועלכען אַנדערען — ניט פערשטעהען גענוג, כל זמן מען וויים ניט פון וואַנען ער קוממט ארויס.

פיעלע פון דיא לעזער ווייסען פיעללייכט, אַז דער אידישער טהעאַטער עקזיס־טירט שוין זייט 25 יאהר, ד. ה. זייט א ב ר ה ם  ג אָ ל ד פ א ד ע ן  האט איהם צוערסט איינגעפיהרט. מען דאַרף אָבער ניט פערגעססען, אַז אפילו ג אָ ל ד־פ אַ ד ע ן האט ניט בעשאַפען קיין יש מאין, דאס דער געדאַנק צו גרינדען אַ אידיש טהעאַטער איז איהם אַרויפגעקוממען, נור וויל ער האט בעגעגענט אידישע זינגער, וועלכע פלעגען ארומפאהרען פון איין אידישער שטאדט צו דער אַנדערער אונד פלעגען ערשיינען פאר'ן עולם, אַמאָל זאָגאַר צווייא אָדער מעהר צוזאַממען, אונד פלעגען פאָרשטעללען בעשטיממטע פערזאָנען, נאכמאַכענדיג זייערע קליידער, רייד, קולות אונד תנועות. דאס אַלליין הייסט שוין טהעאַטער, הגם עס איז נאָך זעהר רויה אונד איינפאַך. על כל פנים האט דאָך שוין גאָלדפאַדען געפונען איין אנהויב. עס איז דעריבער זיכער, אַז דער אידישער טהעאַטער איז עלטער וויא 25 יאהר, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, אויב דיא געשיכטע פון דעם אידישען טהעאַטער פאַנגט זיך אָן, לאָמיר זאגען, מיט גאָלדפאַדען'ס „שולמית", דאַרפען מיר דאָך ערוואַרטען צו געפינען אהינטער „שולמית" אַ גאַנצע רייהע פון פערפאַססונגען אונד „פאָרשטעל־לונגען" וועלכע געהערען צו דער פאָר־געשיכטע פון דעם אידישען טהעאַטער.

וואס איז שייך צו טהעאַטער בייא אידען אין לשון קודש אונד אין אייראָפּע־אישע שפּראַכען, איז עס בלתי ספק אַז דיא אידען האבען שוין לאַנג, לאַנג געהאט אי דראַמאַטישע ווערקע אי פאָרשטעללונגען. עס איז, למשל, אַנערקענט פון פיעלע גע־לעהרטע אַז שיר השירים אונד איוב זיינען מינים דראַמאַס. דיא צוזאַממענשטעלונג פון איוב ווייזט כמעט אָהן צווייפעל, אַז דער ענין פון דעם ספר איז געוועזן געמיינט פאָרגעשטעללט צו ווערען פאר איין עולם. אין דער צייט פון בית שני, ווען דיא אידען האבען זיך גענוממען אַבלערנען חכמת יון, דערצעהלען אידישע געשיכטע־שרייבער, זיינען העכסט־וואהרשיינליך אויפגעפיהרט געוואָרען אידיש־גריכישע טהעאַטער־שטי־קער אין אַלעקסאַנדריע, אין מצרים. דער העלד פון איינער פון אַזעלכע פיעסען, פון אַ שרייבער מיט דעם נאַמען יחזקאל, איז משה רבנו. דיא פּיעסע איז געשריעבען אויף

דעם אלט־גריכישען שטייגער. צוקוממענדיג נעהנטער צו אונזער צייט, זעהען מיר וויא דער בעריהמטער מקובל ר' משה חיים לוצאטו, (1707־1747), פערפאסט דרייא העב־רעאישע דראמאס : איינע א היסטארישע מיט דעם נאמען „שמשון און דיא פלשתים," אונד צווייא אללעגאריען (שטיקער וואס זייער האנדלונג איז נור א משל.") „לישרים תהלה", אונד „מגדל עוז." פאר איהם אבער זיינען אויך געווען דראמען אין דער נייע העברעאישער שפראך. דיא וויכטיגסטע פון זייא איז משה זאקוטא'ס (אויך א מקובל) „יסוד עולם", אין וועלכער עס ווערט פארגעשטעללט אברהם אבינו'ס קאמפף מיט דיא געצען־דיענער. זיא איז וואהרשיינליך אויפגעפיהרט געווארען פריוואט אין אמסטערדאם אין 1648. מיט איין דור פאר אונז, שרייבט דער מלבי"ם אויף זיין „משל ומליצה." ניט רעדענדיג שוין פון דא צעהנדליגע דראמאס וואס דיא משכילים האבען אויפגעשריעבען אונד שרייבען נאך עד היום אין העברעאיש. וואס אנבעלאנגט אנ־דערע שפראכען ווייסען מיר דאס פאר'ן גירוש זיינען אין שפאניען אונד פארטוגאל געווען מעהרערע בעדייטענדע אידישע שרייבער פאר דיא טהעאטערע פון דיעזע צוויי לענדער. איין איד מיט דעם נאמען אנטאניא־ענריקע דע גאמעץ איז בעזאנדערס בעריהמט. מעהר וויא 20 פיעסען האט ער אנגעשריעבען פיר דער שפא־נישער ביהנע. אויך דערצעהלען דיא אידישע געשיכטע־שרייבער דאס שוין מיט הונדערטער יאהרען צוריק האבען זיך דיא אידען אין דייטשלאנד פיע־לייכט אזויא פיעל אינטערעסירט מיט דער דייטשער פאעזיע אונד מיט דער דייטשער ביהנע ווא דיא דייטשען זעלבסט. עס לעגט זיך זעהר אויף'ן שכל, אז אין דעם אנהויב פון דעם אידישען טהעאטער, אזוי וויא גאלדפאדען האט איהם געפונען מיט אונגעפעהר 25 יאהר צוריק, איז אויך געלעגען בעהאלטען א פונק פון דער ליעבע, וואס דיא אידען האבען געפיהלט פאר'ן טהעאטער נאך אין אמאליגע יאהרען.

וויכטיגער פון אללעס איז אבער דער פאקט, וועלכער ווערט דערצעהלט פון דעם אידישען געלעהרטען איזראעל אייבערעהעמס אונד אנדערע, דאס נאך מיט הונדערטער יאהרען צוריק האבען דיא אידען פון דייטשלאנד אונד אנדערע לענדער געהאט א טהעאטער, הגם ניט קיין שטענדיגען אונד ניט אין גאנצען אין היינטיגען זינן. קורצע דראמאטישע פארשטעללונגען, אמאל אויך לענגערע, פלעגען געגעבען ווערען אום פורים, חנוכה, אויף חתונות אונד העכסט וואהרשיינליך אויף אנדערע שמחות. אזויא ווייסען מיר פון א פורים־שפיעל, וואס איז אויפגעפיהרט געווארען אזש אין דעם ניינטען יאהר־הונדערט. דיעזע פארשטעללונגען פלעגען אמאל זיין פון איין ערנסטען אינהאלט, אם מייסטען אבער פלעגען דיא שפיעלער נור מאכען חוזק פון פערזאנען. אפילו דעם רב אלליין פלע־גען זייא ניט שאנעווען. זייא פלעגען נאכמאכען זיין קליידונג, גאנג, האל־טונג, זיין קול, רייד, תנועות, אויך זיינע פשט'לעך אונד דריידלעך. עס איז דא גרונד צו גלויבען, דאס אום פורים פלעגען זאגאר פרויען בעטהייליגען זיך אין דיעזע שפיע־לען, מינדענסטענס אין איטאליען. אין דיא קאמישע פארשטעללונגען פלעגט דער געשפרעך ניט זעלטען בעשטעהען פון פאראדיען, פון נאכמאכונגען, נאכ־קרימעניססען אין א לאכעדיגען טאן נאך ערנסטע געדאנקען אונד אויס־דריקע. אזויא, למשל, פלעגט פון ליל שמורים, וועלכעס געהט אויף פסח, ווערען ליל שכורים, אלס א נאמען פון פורים. דיעזע נאכקרימעניסען אונד פער־דרעהעניסען פון דאס ערנסטע אין חוזק־מאכערייא פלעגען עס מאכען דיעזע שפיעלען פאר קאמישע פארשטעללונגען.

צו דיעזען סארט געהערען עס דיא פורים־שפיעלען, וועלכע זיינען פיעל, פיעל עלטער וויא מען שטעללט זיך געוועהנליך פאר. אין אנפאנג פון דעם אכטצעהנטען יאהרהונדערט, קען מען זאגען מיט זיכערהייט ווערען דיא זשארגאנישע פורים־שפיעלען זעהר פאפולער אין דייטשלאנד, אונד דאס הייסט אז זייא זיינען נאך פריהער אויך

ניט געווען קיין גרויס זעלטענהייט. אונגעפעהר אין דעם יאָהר 1710 זעהען מיר דיא ישיבה־בחורים פון פראנקפורט אָם מיין, האַמבורג אונד פּראַג, אויפפיהרען אַ שטיק אין אידיש מיט דעם נאָמען „מכירת יוסף". אין 1720 פיהרען דיא ישיבה־בחורים פון פּראַג, ר' דוד אָפּפּענהיימערס תלמידים, אויף, אויף אַ'ן אמת'ער ביהנע, מיט קעסעל־פויקען אונד אַנדערע מוזיק־אינסטרומענטען, אַ זשאַרגאָנישע שטיק מיט דעם נאָמען „אסתר אונד אחשורוש".

II.

דיא וואס זיינען ניט בעקאַנט מיט דער געשיכטע שטעללען זיך געוועהנליך פאָר, אַז דיא אידען אין מיטטעל־אַלטער, אין דיא צייטען פון דיא שרעקליכע רדיפות אויף אידען, האבען געלעבט אַ צרה־דיגען לעבען, אַ לעבען פון אבקעממענעס, דאס זיי האבען געפייניגט זייער פלייש אונד האבען פון דיא תאוות עולם הזה אזוי גוט וויא גאר ניט געהאַלטען. דאס קען זיך זיין אמת וועגען פיעלע כריסטען פון יענע צייטען, עס איז אבער ניט אמת וועגען דיא אידען. גראַדע פערקעהרט. דיא אידען, ווען נור דיא רדיפות פון דרויסען האבען זייא ניט געשטערט, האבען באמת ליעב געהאַט הנאה צו האבען פון זייער לעבען. דיא אידישע אויסבערענגערייא אויף קליידער, ציערונג, מאכלים אונד געטרענקע, איז, וויא דער היסטאָריקער א י ב ר ע ה ע מ ס בעווייזט פון פוסקים אונד שאלות ותשובות, געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דיא רבנים אונד דיא פּרנסים האבען עס געפונען פאר נויטהיג צו מאַכען תקנות געגען אַזעלכע אויסבערענ־גערייא. אין דעם ספר'ל „שבט יהודה", וועלכער מוז זיין אַלט עטליכע הונדערט יאהר אונד אין וועלכען עס ווערען איבערגעגעבען פיעלע ויכוחים צווישען אידען אונד כריסטען, ווערט פון דער זייט פון דיא אידען אַלליין צוגעגעבען, אַז דיא אידען טהוען זיך אַן צו רייך. דער מיטעל־עלטערליכע איד פלעגט זעהר ליעב האבען פלאַנצען. דער שוהל־הויף פלעגט אָפט אויסזעהען וויא אַ גאָרטען. אייברעהעמס דערצעהלט, דאס איינע פון די קהל'שע געביידען אין די מייסטע גהעטאָ'ס, אָדער אידען־שטראַסען, איז געווען אַ טאַנץ־הויז, פאר חתונות. ער ערקלערט עס דערמיט וואס די גאַסען אין דער גהעטאָ פלעגען זיין זעהר שמאָלע און די הייזער זעהר געדריכט בעוואָהנט, זאָ דאס עס איז געווען גאַנץ אונבעקוועם צו פראַווען אַ חתונה אין אַ פריוואַט הויז. על כל פנים זעהט מען דערפון ארויס, אַז טאַנץ אונד הוליענעס אונד „איבערקעהרען אַ וועלט" זיינען בייא דיא איינוואָהנער פון דיא גהעטטאָ'ס געווען פעררעכענט פאר נויטהיגע זאַכען, אַז ניט וואָלט מען זיך שוין וויא עס איז איין עצה געגעבען אויף אָהן אַ טאַנץ־הויז. אַ חתונה פלעגט דויערן אין מיטעל־אַלטער אַ גאַנצע וואָך. וויא עס ווייזט אויס פלעגט מען אין דעם טאַנץ־הויז אויך טאַנצען צו אַנדערע צייטען.

דיא אידען אין מיטטעל־אַלטער אונד שפּעטער האבען געהאַט צווישען זיך ספּעציעללע מענשען, וואס זייער עובדא איז געווען צו משמח זיין אַנדערע. אין דיא הערשאַפט פון מאַחמעד דעם פיערטען, זאָגט א י י ב ר ע ה ע מ ס, אין דעם יאהר 1675, בייא אַ קעניגליכען באַנקעט אין אַדריאַנאָפּאָל, זיינען אידישע טענצער אונד אַקטיאָרען ארומגעגאַנגען פון איין בּיידעל צו דער אַנדערער אונד האבען מיט זייערע קונצען אַמוזירט דיא געסט. איינער פון דיא מיננע־זיננגער אין דייטשלאַנד, וועלכע פלעגען אַרומוואַנדערן פון שלאָסס צו שלאָסס אונד זינגען ליעבע־ליעדער פאר דיא עדעלע ריטטער אונד דאַמען, איז געווען, וויא ק אַ ר פּ ע ל ע ס בריינגט, דער איד ז י ס ק י נ ד פ אָ ן ט ר י מ ב ע ר ג, וועלכער האט געלעבט אין דעם 11טען אָדער אין דעם 13טען יאָהר־הונדערט. אַ אידישער טרובאַדור (אונגעפעהר דאסזעלבע וואס מיי־נען־זינגער) סאַנטאָ, (שם טוב) דע קאַריאָן האט געזונגען פאר דאָן פּעדראָ, דעם קעניג פון קאַסטיליען, אין שפּאַניען אין 14טען יאָהרהונדערט. עס זיינען אויך געווען אַנדערע אידישע טרובאַדורען אין שפּאַניען פאר'ן גירוש.

עס איז ניט בעקאַנט איב דיעזע אידישע אַקטיאָרען אונד זינגער האבען אויך

משמח געווען זייערע אייגענע בּרידער, דערפאַר אבער איז דאָ גרונד צו גלויבּען אַז דיא קריסטליכע טרובאַדורען פלעגען אַמוזירען אויך רייכע אידען. אויף זיכער אבער ווייסען מיר פון גאַנצע 3—4 קלאַססען אידען וועמעס עובדא עס איז געווען צו משמח זיין זייערע אייגענע בּרידער אום חנוכה, פּורים אונד אַנדערע ימים טובים; אויף חתונות אונד אַנדערע סעודות מצוה. דיעזע אידישע „פריילין־מאַכער" —עס איז אינטערעסאַנט צו בּעמערקען — האַבּען געהערט צו דיא ארימע קלאַססען, זייא זיינען געווען דיא בּעלי־גימטריאות, דער מארשאַליק מיט'ן בּדחן אונד דיא פּורים־שפּיעלער.

דעם אידענס, איבּערהויפּט דעם געלעהרנטען אידענס, ליעבּע פאַר וויצען און שאַרף־זיניגע דריידלאַך אונד איינפעללע איז אַ בּעקאַנטע זאַך. פאַר דעם לֶמדן, ווען ער איז ניט געווען פערנומען מיט לערנען אָדער מיט ערנסטע זאַכען, איז עס געווען איין אמת'ע ערלייכטערונג אבּצוגעבּען זיך דעם וויטץ. דער בּעסטער בּעווייז דאַפיר, זיינען דיא מאַססע שאַרפזינניגע גלייך־ווערטלאַך אין דער זאַמלונג וואס טראַגט דעם נאָמען „שיחות חולין של תלמידי חכמים." דער ווילנער גאון, וויא בּעוואוסט, האָט פיעלע אַנגענעהמע מינוטען פערבּראַכט הערענדיג דעם דובּנעם מגיד'ס משלים. דיעזע בּעדירפניס פאַר גייסטיגע ערלייכטערונג אין וויצען אונד שאַרף־זינניגע איינפעללע, האָט אַרויסגערופען אַ ספּעציעללען קלאַס פון רעטעניס־פרעגער אונד המצאה־זאָגערס. דער ריכטיגסטער פאַרשטעהער פון דיעזען קלאַסס איז דער בּעל־גימטריאַ. ער איז וואהרשיינליך געווען מעהר פּאָפּולער פון דעם בּלויזען וויצלער אונד רעטעניס־פרעגער. דיא גימטריאַ, וויא בּעוואוסט, שפּיעלט זעהר אַ וויכטיגע ראָללע אין קבלה אונד זיא איז זאָגאַר אַריין אין דיא פּוסקים. אַזוי שטעהט אין „שלחן ערוך" אַז מען זאָל ראש השנה ניט עססען קיין ניס, וויל אגוז (נוס) איז בּגמטריא חטא (זינד. דעם וואָרט אגוז דאַרף מען אויך מצרף זיין וועט אויסקומען אין ביידע ווערטער צו 18.) דער בּעל־גימטריאַ פלעגט משמח זיין דעם עולם אין ימים טובים אונד אויף שמחות. אונד מיר קענען זיך לייכט פאַרשטעלען וויא רבּנים, גאונים, פּרנסים אונד אַנדערע גרויסע בּעלי־בּתים פלעגען זיך האַלטען פאַר דיא זייטען לאַכענדיג פון דעם בּעל־גימטריאַ'ס קונ־ציגע איינפעללע, פון זיינע מערקווירדיגע צוזאַממענרעכנונגען אונד צוזאַממענבּינדונ־גען פון די אותיות פון ווערטער אונד פּסוקים. וויא ער פלעגט עס קענען אויסטייטשען יעדען נאָמען לשבח אָדער לגנאי, דרעהענדיג דיא אותיות וויא נור ער פלעגט וועללען! וויא פלינק ער פלעגט עס ענטפערן אויף אַללערלייא פראַגען! וויא בּליטץ־שנעלל ער פלעגט אַרויסשיססען זיינע וויציגע צוגלייכעניססען! פאַר דעם לֶמדן, פאַר דעם קאָפּ־מענש, וועלכער האָט זיך צו קיין פּראַקטערען פערגניגען ניט געקענט אַראָבּלאָזען, זיינען דעם בּעל־גימטריאַ'ס שכל'דיגע קונץ־שטיקער געווען וויא אַנגענעמאַסטען, פּונקט וויא דער שאַך־שפּיעל פאַר פיעלע אַנדערע קאָפּ־אַרבּייטער. דער בּעל גימטריאַ אַלס משמח־מאַכער איז נאָך היינט אויך ניט טויט. איך האָבּ מיט אַ יאהר 15 צוריק אין אַ ליטווישער שטעדטיל בּעגעגענט איין אַלטען בּעל־גימטריאַ, וועלכער איז אַרומגעפאַה־רען „אויף דער וועלט" אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ מגיד. פאַר לעזער פון דער העבּרעאי־שער ליטעראַטור איז איבּריג צו דערמאָנען דעם מערקווירדיגען טיפּ פון דעם בּעל־גימטריאַ אין בּרודעס'עס ראָמאַן „הדת והחיים".

דאָך איז וואהרשיינליך די בּעל־גימטריאַיי ניט געווען פון די גאר בּכבוד'ע זאַכען. ערשטענס, האָט זיך דערצו געפאָדערט נור ווענינ תורה; אַ פּשוט'ער יודע ספר קען זיין אַ גוטער בּעל־גימטריאַ. צווייטענס, איז אין דיא בּעל־גימטריאַרייא געלעגען דיא געפאַהר פאַר קלות, פאַר אבשפּעטערייא פון דאַס הייליגסטע. דער בּעל־גימטריאַ האָט בּעזעססען אַ טייפעלשע געצייג וועלכע האָט איהם געקענט אריינשלעפּען אַזש אין גאָטט־לעסטערייא, דען עס איז גאר קיין ענדע ניטאָ צו דיא צוזאַמענבּינדונגען, אויס־רעכנונגען אונד פערטייטשונגען וואס קענען געמאַכט ווערען מיט זיין קונסט. שטעלט אייך פאַר דיא איבּערראַשונג פון דעם גאָטס־פורכטיגען אידען, ווען דער בּעל־גימטריאַ

טהוט איהם א זאג, אז דער הייליגער נאמען „אליהו“ וועלכער ענהאלט אין זיך צווייא שמות — אל אונד יה — איז ב ג מ ט ר י א „כלב“ דען יעדער ווארט פון דיאביידע בעטרעפט 52.

צי מחמת ביידע פון דיא צווייא טעמים, צי מחמת איינעם, דער בעל־גימטריא האט געוועהנליך געמוזט געהערען צו דיא ניעדריגע קלאססען אין דער אידישער קהילה. א דירעקטען צוזאמענהאנג צווישען דעם בעל־גימטריא אונד דיא פורים־שפיעלען איז שווער צו בעשטימען, אזוי וויא עס איז דיזע „שטיקער“ כמעט אין ערגעץ ניט צו געפינען. — מען מעג אבער אננעהמען כמעט וויא אויף זיכער, אז אין דיא פורים־שפיעלען, אין וועלכע עס זיינען אריין אללערלייא וויצען האבען דיא גימטריא־אישע וויטצען אויך ניט געפעהלט. דיא מצוה פון בעוואוסטלאזע שיכרות אום פורים איז סך הכל געגרינדעט אויף דערויף וואס „ארור המן“ איז בגמטריא „ברוך מרדכי“.

דער מארשאליק אונד דער בדחן (וויא עס ווייזט אויס זיינען זיי אמאל געוועזן צווייא בעזונדערע עמטער) פלעגען משמח זיין דעם עולם אויף א מעהר מגושם'דיגען אופן. דער נאמען מ א ר ש א ל י ק ווייזט, אז ער פלעגט זיין דער מ א ר ש א ל אדער דער צערעמאניע־מייסטער אויף עפענטליכע שמחות, הויפטזעכליך אויף חתונות. ער אונד דער בדחן פלעגען ניט זעלטען משמח זיין דעם עולם דורך טעאטראלע פארשטעללונגען. ער פלעגט נאכמאכען געוויססע פערזאנען, דעקלאמירען פורים־שפיעלען אונד עהנליכע פערפאססונגען. העכסט וואהרשיינליך, אויף א רייכער התונה, אזוי וויא עס איז איצטער אויך ניט זעלטען דער פאלל אין דער ליטא, פלעגען זיין צווייא אדער מעהר מארשאליקעס אדער בדחנים, אונד אזוי פלעגען מיר האבען פארשטעללונגען אין וועלכע צווייא אדער מעהר שפיעלער פלעגען זיך בעטהייליגען. עס איז איבריג צו זאגען, אז דיא בדחנים אדער מארשאליקעס בילדען בייא אונז א גאנץ בעשטימטע, פאלקאם אויסגעארבייטע קלאססע, אונד אז דיזע געהערט צו דיא ארימסטע.

אבער דער אמת'ער זיידע פון דעם היינטיגען אידישען אקטיאר אונד דער פאטער פון'ם אידישען אקטיאר, אז וועלכען ג א ל ד פ א ד ע ן האט זיך אנגעשטויסען אונד וועלכער האט איהם ארויפגעבראכט אויף דער מחשבה צו גרינדען א אידישען טהעאטער, איז דער מיטעל־עלטערליכער פ ו ר י ם ־ ש פ י ע ל ע ר. דער פורים־שפיעלער איז שוין איין אקטיאר אין פוללען זינן פון ווארט. ער שפיעלט צו א בעשטימטער צייט אין יאהר; זיין בעשעפטיגונג איז א שטענדיגע, ער נעהמט זיא אויף צוריק יעדען פורים, ער האט זיין אויסגעוועהלטען רעפערטואר „מכירת יוסף“ „אחשורוש“ „חכמת שלומה“ אדער „דוד אונד גלית“. ער האט צייט צו מאכען איבונגען; ער שפיעלט זעהר אין א גינסטיגער צייט, פורים, ווען עס איז א מצוה ניט צו קענען מבחין זיין בין ארור המן לברוך מרדכי אונד ווען פיעלע זאכען וואס וואללטען אין מיטען יאהר ניט ערלויבט ווערען פון דער רעליגיאן, מעגען איצט געטהון ווערען פראנק אונד פרייא. ער קען דעריבער, ערשטענס, גרימירען זיך אלס א פרוי, כאטש ער איז דערמיט עובר אויף דעם לאו פון „לא ילבש גבר שמלת אשה“ אונד צווייטענס, מעג ער שפיעלענדיג נאכקרימען אונד מאכען חוזק פון אללעם אונד פון אלעמען, אפילו פון דעם מרא דאתרא אליין.

דער פורים־שפיעלער קריעגט בעצאהלט פאר זיין קונסט. דער בעליעבטעסטער צווישפיעל אין זיינע ליעדעלאך איז דער פאלגענדער:

„היינט איז פורים, מארגען איז אויס;
גיט מיר א גראשען אונד טרייבט מיך ארויס“!

נאטירליך, נעהמט זיך דערפאר דאס ארמע פאלק. אונד אזוי וויא ער טהוט עס פאר געצאהלט פאנגט ער אן געבען זיינע פארשטעללונגען א שטיק צייט פאר פורים אונד א היפש נאכדעם. אונד מחמת דעמזעלבען טעם טאקע בענוגענט ער זיך ניט מיט געבען פארשטעללונגען אין זיין שטעדטעל אליין, נור ער נעהמט צונויף זיין חברה, פאקט איין זיינע קאסטיומען אין א קעסטעל אונד לאזט זיך אוועק וואנדערען אין דער סביבה. אט דא האבען מיר דעם ערשטען אידישען, זשארגאנישען אומוואנדערענ־

דען אקטאר. דיעזע נייגונג פון פורים־שפיעלער צום וואנדערען ווערט העכסט וואהר־שיינליך נאך פערגרעסערט דורך דעם וואס ער איז זעהר אפט א ישיבה־בחור אדער א בטלן, וועלכער איז בטבע א וואנדערער נאך היינט, א פשיטא שוין מיט א פאאר יאהר הונדערט צוריק, ווען דיא אידישע געמיינדען זיינען געוועזן אזוי רייך אין ישיבות. אזוי זעהען מיר וויא איינינגע פון דיעזעלבע ישיבה־בחורים וואס האבען אויפגעפיהרט „מכירת יוסף", וויא אייבערהעמס דענקט, אין 1713, אין פראנקפורט פיהרען דיעזעלבע פיעסע אויך אין מעץ, וואוהין זייא זיינען געקומען טאקע מיט דעם צוועק.

III.

נאכדענקענדיג איבער דאס אויביגע קומען מיר צו דיא פאלגענדע שליסע:

טהעאטער ביא אידען אין אללגעמיין איז זעהר איין אלטע זאך, הגם מען קען ניט בעהויפטען, דאס גאר אין דיא אלטע צייטען, זיינען דיא אידען געקומען צו טהעא־טער פון זיך אליין אונד דאס זייא האבען עס ניט געגאשט ביא דיא גריעכען אדער ביי דיא רוימער: וואס אנבעלאנגט דיא נייערע צייטען, דיא לעצטע פיער הונדערט יאהר אדער מעהר, זעהען מיר, סיי ביי דיא אידען וואס געפינען זיך צווישען לעטיינישע פעלקער—איטאליענער, שפאניער—סיי ביא דיא אידען וואס וואהנען צווישען דיא גערמאנישע פעלקער, א גאנץ בעדייטענדע אינטערעסע פיר טהעאטער. דיעזע אינטע־רעסע דריקט זיך אויס אי אין ווערקע פון א דראמאטישער פארם אי אין ווירקליכע פארשטעללונגען, וועלכע, וויא אונפאלקאמען זייא זאללען ניט זיין אונד וויא אונרע־געלמעסיג, פערדיענען דאך אהן צווייפעל אנגערופען צו ווערען מיט דעם נאמען טהעא־טער. וואס אנבעלאנגט פיעסען אין אידיש־דייטש זיינען זייא העכסט וואהרשיינליך אלט ארום דרייא הונדערט יאהר, דאך מיט זיכערהייט קען מען זאגען דאס פארשטע־לונגען אין אידיש־דייטש זיינען געגעבען געווארען פיעלע מאל דורך'ן יאהר, ד. ה. אום פורים, חנוכה, אויף חתונות אונד אנדערע שמחות, זייט דיא לעצטע צוויי הונ־דערט יאהר.

דאס וואס דיעזע „פארשטעללונגען" פלעגען נור געגעבען ווערען אויף געוויסע יום־טובים אונד שמחות אונד ניט רעגעלמעסיג וויא היינט אונד ניט אלס דיא בע־שעפטיגונג פון געוויסע פערזאנען ביי וועמען טהעאטער איז זייער אויסשליסליכע פרנסה, רעדט ניט געגען דיעזע פארשטעללונגען נור פיר זייא. ערסט דאס וואס זייא פלעגען געגעבען ווערען אום יום־טובים, ווען דיא שטימונג פון דיא מענשען פלעגט זיין עטוואס מעהר אויפגעהויבען וויא געוועהנליך, מעהר ערנסט אדער מעהר אויפגעלעגט צו אמוזירען זיך, וועניגער ארייגעטהון אין אל־טעגליכע וואכעדיגקייטען אונד מעהר פעראינטערעסירט אין וויטערע. ווענינגער מגושם'דיגע זאכען, ווייזט אז זייא זיינען געוועזן איינינגערמאסען דער פועל יוצא פון דעם געפיהל אונד דיא העכערע שטימונג פון דער צייט, קורץ, דאס אין זייא איז געוועזן דער אמת'ער פאעטישער אינסטינקט. אין דיעזער הינזיכט איז עס אינטערעסאנט צו פערבינדען דיא פריהעסטע עפאכען פון דעם נייערן אידישען טהעאטער מיט דער בליהונגס־צייט פון דער אלט־גריעכישער דראמא. אויך אין אלט גריעכענלאנד פלעגט טהעאטער ניט זיין קיין בעשטענדיגע זאך; עס פלעגט נור געגעבען ווערען אין געוויסע יום־טובים, רעליגיעזע אדער נאצי־אנאלע, הויפטזעכליך אין דיא פאן העללענישע (אל־גריכישע) יום טובים, ווען אלער־ליא קינסטלער אונד גבורים פלעגען ארוים ווייזען זייערע קונסט־שטיקער אונד העל־דעז־טהאטען פאר דיא פערזאמעלטע גריעכישע שבטים, ווען דיא קינסטלער, העלדען, אונד דראמאטורגען אזוי גוט וויא דאס פובליקום, פלעגען אללע זיין בעלעבט פון איין הויכען געפיהל פון פייערליכקייט אונד יום־טוב'דיגקייט. אונד ניט נור איז דער אלט־גריעכישער טהעאטער, צוליעב זיין אונרעגעלמעסיגקייט, ביללינגער פון אונזערן; פערקעהרט, ליטעראר־היסטאריקער אונד קריטיקער הערען ניט אויף צו בעוואונדערן דיא גריכישע ביהנע אונד צו בעדויערן וואס אונזערע היינטיגע ביהנען זיינען ניט אזוי וויא דיא גריכישע.

אויך אין אן אנדער הינזיכט איז עס אינטערעסאנט צו צוזאמענבינדען דיא פארגעשיכטע פון דעם אידישען טהעאטער מיט דיא פריהעסטע עפאכען פון דעם אלט־גריכישען טהעאטער. שוין גאר אין דיא פריהעסטע עפאכען האט מען געקענט

בעמערקען וויא דיא גריכישע דראַמאַ צוטהיילט זיך אין צוויא שטראָמען: דיא טראַגעדיע אונד דיא קאָמעדיע. דיא טראַגעדיע האט געהאַט אַן ערנסטען אינהאַלט, איז געווען טיעפער, איז געווען דאס ווערק פון מעהר געבילדעטע, מעהר הויך־געשטעלטע פערזאָנען. דיא קאָמעדיע איז צוערשט געווען דאס ווערק פון איינפאַכע בירגער, בויערן אונד וועניגער בעדייטענדע מענשען. דער אינהאַלט איז געווען אַ לייכטערער אונד דיא אַבזיכט איז געוועהנליך געווען ניט מעהר וויא מאָמענטאַנע אַמוזירונג.

פונקט אַזוי איז אויך געווען מיט דעם אידישען טהעאַטער. דיא מייסטע העבּרעאישע ווערקע וויא ר'משה חיים לוצאַטו'ס „מגדל עוז" אונד „לישרים תהלה" זיינען פון אַן ערנסטען אינהאַלט, זיינען טיעף־זיננינג אונד זייא בעשטרעבען מייסטענס ארויפצופיהרען דעם צושויער אדער גזוער אויף העכערע געדאַנקען. דיא פערפאַסער פון דיעזע ווערקע זיינען ערנסטע מענשען, אַזוי וויא ר' משה חיים לוצאַטו, וועלכער איז אויך געווען אַ מקובל אונד וועלכער האט אויך אנגעשריעבען פיעלע אַנדערע העכסט ערנסטע ווערקע. פון דער אַנדער זייט זיינען אויך געווען לייכטע פערפאַסונגען, הויפטזעכליך זיינען עס געווען דיא זשאַרגאָנישע ווערקע, דיא אמת'ע פורים־שפּיעלען, וואס זייער אַבזיכט איז מייסטענס געווען בלויז צו מאַכען דעם עולם צום לאַכען, דיא פערפאַסער פון דיעזע פורים אונד עהנליכע שפּיעלען זיינען אין מעהר וויא איין פאַלל גאָר אין גאַנצען ניט בעוואוסט, יעדענפאַלס זיינען זייא ניט געווען גאָר פון דיא גרויסע חשובים אונד דיא מתעסקים זיינען אויך געווען פּראָסטערע מענשען. די וויצען זיינען דאָ פון א פּראָסטען סאָרט, דער קאָמיקער אין „אחשורש" איז פּ י ק ע ל ה ע ר ר י נ ג, דער פּאַיאַץ פון דיא דייטשע שפּאַסען פון יענער צייט. אחשורש דערזעהט המן'ען א טוידטען אונד ער זאָגט: לעגט איהם צו א „גלעזעלע" צו דיא אויערען, וועט ער ז' ' אויפכאַפּען. (המן, אדער פּיקעלהער־־־ איז א גרויסער שיכור אונד א זולל וסובא). אונד ער חאַפּט זיך טאַקע גלייך אויף אונד זאָגט, אַז ער האט אויף יענער וועלט געזעהען א סך געלד.

אויך איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען צוויא אנדערע עהנליכקייטען. דיא אידעע פון אומוואַנדערן לאָזט זיך פיעל לייכטער אנקניפּען אַן דער אַלט־גריכישער קאָמעדיע, וויא אַן דער טראַגעדיע. עס ליגט אין דעם וואָרט קאָמעדיע גופא; „קאָמאַ", הייסט אַ גאַס, אונד וויא עס ווערט מיטגעטהיילט פון אַלטע רוימישע שרייבער פלעגען דיא אַקטיאָרען פון דער קאָמעדיע אַרומפאהרען איבער דיא גאַססען אונד געבען זייערע פאָרשטעללונגען. בייא אידען אויך, לאָזט זיך דיא אידעע פון אומוואַנדערנדע אַקטיאָרען אַם לייכטעסטען פערבינדען מיט דיא פורים־שפּיעלען, וועלכע זיינען געווען פון דעם לייכטעסטען סאָרט.

דער צווייטער פּונקט איז דיעזער. דיא אַלט־גריכישע קאָמעדיע, ווען זיא האט זיך ענטוויקעלט אונטער דער שאַרפער פעדער פון אַריסטאָפאַנעס, איז בעשטאַנען פון אונבעשרענקטע חוזק־מאַכעריי אונד לצנות. דיא וויכטיגסטע פּערזענליכקייטען פלעגט ער אויסלאַכען, ניט זעלטען פאר זייא אין דיא אויגען. אַזוי ווייסען מיר, למשל, אַז ער האט ברוטאַל אַבגעשפּאָט פון דעם פילאָזאָף סאָקראַטעס אונד פון דעם פּאָליטיקער פעריקלעס. נון, ווייסען מיר, דאס אויך דיא פורים־שפּיעלער פלעגען זיך ערלויבען אַבלאַכען אונד נאַכמאַכען אויף לייטישע געלעכטער דיא שעהנסטע מיטגליעדער פון דער קהלה, אפילו דעם רב אַלליין. דיא נאַכקרימענים פון דער קאָמעדי איז אין ביידע פעלע, סיי בייא דיא גריכען סיי בייא דיא אידען, געגאַנגען אַזוי ווייט, דאס זאָגאַר ערנסטע רעליגיאָנס־זאַכען, רעליגיעזע אויסדריקע, צערעמאָניעס אונד שפּרוכען פון ערנסטע ליטעראַרישע ווערקע פלעגען אין איהר אויסגעקרימט ווערען אין אַ קאָמישען, לאַכעדיגען, פּונקט פערקעהרטען זינן. אַריסטאָפאַנעס אין זיינע קאָמעדיען פלעגט נאַכקרימען דיא טראַגעדיען אונד דערביי פלעגט ער זאָגאַר דיא אַלטע נאַציאָנאַלע העלדען אַלליין ניט שאָנעווען. בייא דיא אידען פלעגט מען אַזעלכע ערנסטע אויסדריקע פון אַזאַ ערנסטען אינהאַלט וויא ליל שמורים, אויסקרימען אין ליל שכורים. מיר אַלליין, מיט איבער 20 יאהר צוריק, איז אויסגעקומען הערען צוויי אידישע אומוואַנדערנדע

פורים־שפּיעלער, וועלכע האבען איבערגעקרימט דיא צערעמאָניע פון קידושין אויף פאָלגענדען אופן :

ערשטער פורים־שפּיעלער : ,,הרי את!
צווייטער פורים־שפּיעלער: ווער געל וויא א בלאַטט;
ע. פּ.: מקודשת,
צ. פּ.: יאַק סאָבאַקאָ ברעשעש!" א. ז. וו.

עס קען זיין, אַז דיעזע צוויי שטרעמונגען פון דעם פּארציייטיגען אידישען טהעאַטער, דיא ערנסטע, דיא טראַגישע אונד דיא לייכט־זינניגע, דיא קאָמישע, קומען פון צווייא בעזונדערע איינפליססע. דיא ערשטע קומט פון דיא גערמאַנישע פעלקער, דיא צווייטע פון איטאַליען, וואו דיא דראַמא האט זיך זעלטען ווען ערהויבען איבער דעם איינפאַכען שפּאַסס. וויא אייבּרעהעמס בעשרייבט דעם פורים פון דיא איטאַליענישע אידען, איז עס אונגעפעהר אַ קאָפּיע פון דעם קאַרניוואַל, וועלכען מען פלעגט זעהן אויף דיא מערק פון דיא איטאַליענישע שטעדט : דיא זעלבע גראָטעסקע הוליאַנקעס, דיעזעלבע גראָבע נאכמאכונגען, דיזעלבע שפּיעלענים מיט'ן גוף מיט געלאַף אונד מיט קלעפּ — וויא בייא דיא איטאַליענער.

אויך מיט דער קריסטליכער דראַמאַ פון מיטעל־אַלטער און פון דיא ערשטע רענעסאַנס פעריאָדען האט דיא פאָר־געשיכטע פון דעם אידישען טהעאַטער אַ'ן עהנליכקייט. אונד דאָ אויך אין צוויי הינזיכטען.

אין מיטעל־אַלטער אונד עטוואס שפּעטער האט דיא דראַמאַ געלעבט, צום טראָץ פון דיא גלחים. זיא איז געווען אַ קאָמפּראָמיס צווישען דיא שטאַרקע ליעבע פון פאָלק צו טהעאַטער אונד צווישען דער אונצופריעדענהייט מיט איהר פון דער זייט פון דער רעליגיאָן. אונד אַלס אַ קאָמפּראָמיס איז זיא געווען אָדער אַ'ן אַללעגאָרי־שטיק, אַ שטיק פון וועלכער דיא האנדלונג איז נור געווען אַ משל, צוליעב דעם מוסר השכל וועגען, אָדער אַ הייליגע היסטאָרישע שטיק, וויא צום ביישפּיעל, וועגען דעם טויט פון יעזוס קריסטוס.

אויך דיא רבנים האבען ניט ליעב געהאַט דעם טהעאַטער, צוליעב פיעלע טעמים. און דער פועל יוצא איז געווען דאס דיא העברעאישע פּיעסען זיינען אויך געווען ענטוועדער אַללעגאָריען אזוי וויא, צום ביישפּיעל, לוצאַטאָ'ס ,,לישרים תהלה", אָדער ערנסטע רעליגיעז־היסטאָרישע שטיקער, וויא, צ. ב. זאַקוטאָ'ס ,,יסוד עולם".

דיא עהנליכקייט אין דעם צווייטען הינזיכט איז געווען דאס וואס אין ביידע פעללע, סיי בייא קריסטען סיי בייא אידען, זיינען דיא גרעסטע ליעבהאבער פון טהעאַטער און דאָ מתעסקים געווען דאס פּראָסטע פאָלק.

* * *

דער אידישער טהעאַטער האט זיך ענטוויקעלט אין עצם, פּונקט אויף דעם זעלבען אופן אונד דורך דיא זעלבע טרייב־קרעפטען וויא דיא טהעאַטערע פון דיא אַנדערע פעלקער, סיי אין דער אַלטער וועלט, סיי אין מיטעל־אַלטער, סיי אין דיא נייערע צייטען. נאַטירליך, אין איינצעלהייטען אונד אין פאָרמען אונטערשיידעט זיך דיא פאָר־געשיכטע וויא די געשיכטע פון דעם אידישען טהעאַטער, פון דער פאָר־געשיכטע אונד געשיכטע פון דיא טהעאַטערע פון אַנדערע פעלקער, אבער נור אין איינצעלהייטען אונד אויסערליכקייטען. אין תוך גענוממען אבער איז קיין אונטערשיעד ניטא.

יואל ענטין.

# דער אנפאנג פון דער אידישער דראמא אין רוסלאנד.

אז איך גריבעל זיך אביסעל אין מיין זכרון, הויבען זיך אויף פיר מיינע אויגען בילדער פון מיין קינדהייט, וועלכע, מיר דאכט זיך, איך קען קיין מאל ניט פערגעסען. אונד צווישען דיא בילדער פון יענער גאלדענער קינדערצייט שוועבט ארוים דאס ארי־מע בילד פון דעם ערשטען יודישען טהעאטער.

ביי אלע פעלקער אין אנהויב פון זייער גייסטיגען לעבען, זיינען געווען פאלקס זינגער, משוררים, וועלכע פלעגען אין זיסע, קלינגענדע ליעדער דערצעהלען דעם פאלק זיין רייכע געשיכטע, לויבען דיא גרויסקייט פון זיינע געטער, אויפווארעמען זיינע מענשליכע געפיהלען אונד לערנען איהם גוטע מידות. בייא אונז, מיט א יאהר דרייסיג צוריק, אין אנהויב פון דעם אייראפעאישען גייסטיגען לעבען ביים אידישען פאלק אין רוססלאנד, האבען זיך אויך בעוויזען אזעלכע זינגער, אונד איינער פון דיזע ערשטע פאלקס משוררים איז געווען ישראל גראדנער—דער ערשטער אידישער אקטיאר.

ער פלעגט אין א שבת צו נאכטס אויף א פוללע וואך, זינגען ליעדער בייא אונז אין שטאדט; וויא אונגעדולדיג מיר פלעגען ווארטען אויף דעם יום טוב! אונד אז ער פלעגט ארוים קומען אלע מאל אנדערש אנגעטהון אונד גרומירט אונד פלעגט זינגען, פלעגט זיך אונז אויסווייזען, אמאל אז ער דערצעהלט אונז א קאפיטעל פון זיין אייגע־נעם לעבען, אונד אין דיא טענער פון דיא ווערטער:

„פריוור־זשע זאג איהר ניין, —
שרייט זיא אויף דיאציין"

האט זיך אויסגעוויזען אז ער ליידעט אונד קרעכצט נעבאך אונטער דעם יאך פון א וויב א מרשעת וואס דערגעהט איהם דיא יאהר; אונד אמאל אז ער פלעגט אויסשטע־לען אויף אונז זיינע גרויסע, שווארצע בליסצענדע אויגען, פלעגען מיר פיהלען אז ער טאפט אוים דיא טיעפע סודות פון אונזער קינדערשער נשמה אונד גלעט אונז מיט זיין ווייכער זיססער שטימע פאר אונזערע מעלות, אדער ער בייזערט זיך אויף אונז פאר אונזערע חסרונות; אמאל פלעגען מיר לאכען פון איהם ביז טרעהרען אונד אמאל פלע־גען מיר וויינען, וויינען א'ן אמת קינדעריש געוויין, אונד אמאל פלעגען מיר זיין ברוגז אויף איהם פאר וואס ער פלעגט מאכען אז טאטע־מאמע זאלען זיך עפעס אזוי מאדנע איבערקוקען אונד שטארק רויט ווערען... מיר האבען ניט פערשטאנען !...

* * * * * *

אט דאס איז געווען דער טאלענטפאלער אידישער משורר וועלכען דער אידי־שער פאלקס פאעט אברהם גאלדפאדען האט געטראפען אין יאסי אין 1876 אונד דורך וועלכען, וויא ער דערצעהלט אלליין, ער איז געפאלען אויף'ן געדאנק צו מאכען איין אמת אידיש טהעאטער וואו מען זאל קענען לערנען אונד בילדען דאס אידישע פאלק, דיא גרויסע אידישע מאססע אונד פערשאפען איהר מעהר אדער ווענינער גוטען פער־גניגען. זעהט איהר, מעגט איהר אייך זיין ווער איהר ווילט, מעג אייך דאס אידישע פאלק נוגע זיין וויא דער פאר־א־יאהריגער שנעע, מעגט איהר שוין זיין דערוואקסען צו דער מדרגה ווען די ארמע זשארגאנישע שפראך קלינגט פשוט ווי א מין מדרגה'ניש אין אייערע אויערען, מעגט איהר זיך האבען איינגערעדט אז דאס אידישע פאלק אונד דיא אידיש־זשארגאנישע שפראך קען ניט בעשאפען אזעלכע דראמאטישע דיכטונג, וויא דיא צו וועלכע איהר האט צוגעוואהנט אייער עדעלען געשמאק, מעגט איהר אייך

גאר דענקען אז דיא דראמאטישע קונסט איז דיא מתנה פון דיא געטטער נור פאר דיא אומות העולם, גוט. מעגט איהר דאס אלעס אזויא דענקען אונד פערשטעהען, איהר וועט אבער כ'לעבען, ני ט וואגען אפצולייקענען, אז פאר דעם גרויסען עולם, פאר דעם פראסטען אידישען פאלק, וואס פארשטעהט נאך ביז היינטיגען טאג ניט קיין אנדער שפראך וויא זשארגאן, איז דאס אידישע טהעאטער געווען מיט 25 יאהר צוריק, וויא עס וואלט נאך געקענט זיין היינט, איינע פון דיא שטארקסטע מיטלען פון אמת'ער בילדונג. דערפאר טאקע איז געווען כדי, אז דער אידישער דיכטער אברהם גאלדפאדען זאלל אנווענדען אלע זיינע בעסטע קרעפטען צו בויען דעם אידישען טהעאטער. צו ער האט געהאט גרויסע צו קליינע דראמאטישע פעהיגקייטען, צו ער האט בעטראכט טיעף צו נור אזוי פון אויבען דיא מענשליכע נשמה, דאס וועלען מיר נאך האבען צייט שפע־טער צו בעקלערען, דערווייליע האט ער, בויענדיג דעם בנין פון דעם אידישען טעאטער זיך בעשאפען איין אויביגען אנדענקען אין דער געשיכטע פון זיין פאלק.

אט לאמיר נור זעהען וואס ער האט געטהון :

* * * * * *

אז גאלדפאדען האט אנגעהויבען בויען דעם אידישען טהעאטער איזשווין דער טהעאטער בייא דיא אומות העולם כמעט געווען אויף דעם זעלביגען שטאנד, אויף וועלכען ער איז היינט בייא זייא. דער טהעאטער, אקוראט וויא דיא ליטעראטור בייא דיא אומות העולם, האט אין דער צייט פון זיין בליהען דורכגעמאכט דרייערליי שטור־מען, אונד אין יעדער שטופפע האט ער אפגעשפיגעלט דאס לעבען פונקט אזוי וויא דאס פאלק האט דאס פערשטאנען.

אט למשל בייא דיא אלטע גריכען, ווא מענשען האבען באמונה שלמה גע־גלויבט אז דאס גאנצע לעבען איז אונטער דער השגחה פון דיא געטטער, אז איבער יעדער שריט אונד טריט געוועלטיגט א גאטט, האט זיך אויסגעבילדעט א טהעאטער וואס האט פארגעשטעלט יעדע מענשליכע טהעטיגקייט אונטער דער דאזיגער השגחה אונד דער מענש, דער טהוער האט כסדר געהאלטען מלחמה מיט דיא געטטער אום אויסצופיהרען דאס, וואס ער האט געוואלט אויספיהרען אין לעבען. פערשטעהט זיך, אז דיא געטטער, דיא מעכטיגערע האבען סוף כל סוף בעהערשט דעם מענשען אונד דער מענש איז געפאללען א קרבן צו זייערע פיסס, אזוי האבען דיא אלטע גריכען גע־מאהלט דיא ערנסטע זייט פון לעבען אונד האבען אנגערופען אזא מין פערהאנדלונג אין וועלכער דיא העלדען פון מענשליכער טהעטיגקייט פאללען אין דער מלחמה מיט דיא געטטער — טראגעדיע. דיא אלטע גריכען האבען אבער זעהר וואהל פערשטאנען אז אין דעם מענשליכען לעבען איז ניט אלעסדינג אזויא ערנסט, אזויא טרויעריג, אז עס איז נאך פערהאן א לעכערליכע זייט אין דעם מענשליכען לעבען אונד אז דיא דאזי־גע לעכערליכע זייט פון לעבען שפראצט ארויס טאקע פון דעם מנשליכען לעבען גופא. זייא האבען דערפאר געמאהלט אויך דיא זייט פון לעבען אין זעהר שטארקע פארבען, אונד דיא פעהיגסטע קינסטלער פון אלטען גריכענלאנד האבען בעשריבען אין טהעא־טער פארשטעלונגען דיא לעכערליכקייט פון דעם לעבען, פון דיא העלדען אונד אפילו פון דיא געטטער! דעם סארט טהעאטער האבען זייא א נאמען געגעבען קאמעדיע.

איהר זעהט, דיא גריכען האבען אין זייער קונסט אונז איבערגעלאזען בירושה דעם גרויסען געדאנק אז דער יסוד פון לעבען איז טהון, ווירקען, בעשאפען ; טהון אונד בעשאפען עטוואס, שטעהענדיג אין א מורא'דיגע מלחמה מיט קרעפטען וועלכע זיינען פיעל שטארקער פון אונזער אייגענער קראפט אונד אז דאס גאנצע קימא לן פון אונזער טהון, ווירקען אונד בעשאפען—דאס לעבען, אין דעם גרויסען מעכטיגען קאמפף, שפי־געלט זיך אמאל אפ אין גרויסע העלדען־טהאטען און אמאל אין לעכערליכע משונה'דיגע קונצען...

מיט פיעלע הונדערטע יאהרען שפעטער האבען שוין מענשען אנדערש פער־שטאנען דאס לעבען. דיא געטטער אונד אפילו דער מלך מלכי המלכים אליין—דער

איינציגער גאָט האט זיך [illegible]זעצט און געוועלטיגט אין דער הויך, אין הימעל, דאָ אויף דער ערד האט ער ביסלאכווייז פערלארען זיין ממשלה, אויפן פעלד פון לעבען איז ארויס געטרעטען דער מענש ! אז לעבען הייסט טהון, ווירקען אונד בעשאפען האט עס נאָך אצינד געהייסען וויא פריהער, אונד אז לעבען, ווירקען אונד בעשאפען קען מען נור ווען מען שטרעבט צו עפּעס, ווען מען בעקעמפט עפּעס, האט דאס אויך נאָך געהייסען אבער דיא קרעפטען, וועלכע מען האט געדארפט בייקומען, אדער צו וועלכעמען האט זיך געדארפט צופּאסען, זיינען שוין ניט געווען די געטער, אויך ניט דער אלמעכטיגער גאָטט, נור דיא אינגערליכע מענשליכע נאטור, דיא קרעפטען, וועלכע לעבען אין מענ־שען אליין. טהוען, ווירקען אונד בעשאפען האט געדארפט דער מענש דאס בעסטע וואס עס איז געווען אין איהם אליין. פון זיך אליין—פון זיין איך—האט דער מענש געמיינט ווערט בעשאפען דאס גאנצע לעבען, פון זיינע אייגענע אינערליכע קרעפטען קען ער וועבען אונד שפּינען דאס שעהנסטע נעסט פאר זיין אייגענם גליק. ער דארף נור בעקעמפּפען אין זיך דאס שלעכטסטע, ער דארף נור בעשאפען פון זיך דאס בעסטע אונד דער גן עדן מיט זיינע הונדערטע מינים גרעזעלאך, מיט זיינע שמעקעדיגע בלו־מען אונד בשמים'דיגע בוימער, מיט זיינע גרויסע קיהלע שאטענס אונד קריסטאלענע וואסערלאך וואס זשורזשען פליסענדיג אונד גיססען זיך צונויף מיט דעם ניגון פון מילליארדען זינגענדיגע גן עדן פויגעלאך,—דער גן עדן וואו אלעם איז שלום ושלוה, דער גרויסער אידעאל פון מענשליכען שטרעבען— שפּרייט זיך פאנאנדער פאר איהם אָט דאָ אויף דער וועלט.

דיא מענשען וועלכע האבען אזויא געדענקט אונד אזויא פערשטאנען דאס לע־בען, האבען אויך פערשטאנען אז אין לעבען פון דעם מענשען טהיילט זיך ניט אָב דאס ערנסטע פון דעם לעבערליכען, אז ביידע זיינען צוזאמענגעוואקסען אונד שפּרא־צען ארויס פון דעם נעמליכען קוואל—פון מענשליכער טהעטיגקייט. זייא האבען דער־פאר, ווען זייא האבען געוואלט אפּשפּיגלען דאס לעבען אין טהעאטער פארשטעלונגען, צוזאממען געבונדען דיא אלטע קלאססישע געדאנקען פון טראגעדיע אונד קאָמעדיע אין איין גאנצעס. זייא האבען בעשאפען דיא נײ־צייטיגע דראמא. דיא ראמאנטישע דראָמא, אזויא וויא דיא גאנצע ראמאנטישע ליטעראטור האט זיך געגריבעלט אין דער טיעפענים פון דער מענשליכער נשמה. זיא האט פון איהר ארויס גענומען דאס שעהנסטע אונד דאס בעסטע, האט זיך מיט דעם אויפגעהויבען אויף דיא פליגעל פון דער מענשליכער פאנטאזיע צו דיא וואלקענס פון דיא הימעלען, דאָרט האט זיא אָפּגע־שפּיגעלט דעם מענשענס געפיהל, דעם מענשענס ווילען אונד זיין שטרעבען אין דיא פורפור רויטע שטראהלען פון דער אונטערגעהענדער זון—פון דעם אלטען גריכישען קונסט־געדאנק— בכדי אראפּצו־ווארפען צו אונז אין א בריליאנטענעם רעגען פון בלישצענדע בילדער, איהר אייגענע שעפּפונג, איהר אייגענע קונסט, אונד צו וועקען אין אונז דיא נעמליכע געפיהלען, דעם נעמליכען ווילען אונד שטרעבען. דיא ראָמאנ־טישע קונסט האט אונז געגעבען בילדער שעהנע פאָרמען פון דעם מענשליכען „איך" אין דער שעהנסטער מענשליכער שפּראך. זיא האט ארויסגערוקט דעם „איך" — דעם מענשען, אין דעם טהון, ווירקען אונד בעשאפען—אין דעם לעבען.

ווידער זיינען יאָהרען פערפלאָסען אונד ווידער האבען מענשען פערשטאנען דאל לעבען אנדערש וויא פריהער. אמת טאקע, דער יסוד פון דעם לעבען איז צו טהון, צו ווירקען אונד צו בעשאפען, וויא פריהער אונד דאס אלעם טהוט דער „איך" אין א בעשטענדיגע מלחמה מיט דיא מורא'דיגע קרעפטען וועלכע געוועלטיגען אין איהם, אבער ווען דער מענש טהוט, ווירקט אונד בעשאפט עטוואס, בלייבט דאָך דאָס איבער אין לעבען ; ניין, נאָך מעהר, טאקע פון דעם טהון, ווירקען און בעשאפען גופא פלעכט זיך אוים דאס גאנצע מענשליכע לעבען, סייא אין דער פאָרמע פון לעבען בכלל סייא א ן דער פאָרמע פון דעם לעבען בפרט. אונד דאס אויסגעפלאכטענע לעבען האט ניט נור א קיום אין דעם יעצטיגען מאָמענט, נור עס פערבלייבט אונד ווירקט אויף דור

דורות. דאס הייסט אומשטענדען ווערען בעשאַפען דורך דעם טהון אונד ווירקען פון א סך „איך'ס", וועלכע שאַפען אונד שטיפטען אין דיא קומענדע מענשען נייע קרעפ־טען צו טהון אונד ווירקען. ניט נור, הייסט עס, בעשאַפט דער מענש נייע אומשטענדען אין לעבען, נור אויך דיא אומשטענדען פון לעבען בעשאַפען נייע מענשען אונד טאַקע אין דער דאָזיגער לאנגער קעט פון ווירקונג, פון מענשען אויף אומשטענדען אונד אומ־שטענדען אויף מענשען, בעשטעהט דאָס גאנצע מענשליכע לעבען.

דיא גרויסע אויפגאבע פון דער אמת'ער קונסט אין אלע איהרע טהיילען איז געווארען טרייא אָפצושפּיגלען דאס דאָזיגע לעבען אין וואהרע פארמען פון טיעפען אמת'ען אונד בעדייטענדען אינהאַלט.

דערפאר בעגניגענט זיך ניט דיא ניי־צייטיגע דראמא מיט דעם טהון, ווירקען אונד בעשאַפען פון דער אלטער קלאסישער טהעאַטער קונסט. זיא וויל ניט צופריעדען בלייבען מיט דעם „איך" מיט דעם מענשען, וועלכער טהוט אונד בעשאַפט אפילו ווען זיא גריבעלט זיך אין דיא טיעפסטע ווינקעלאך פון זיין נשמה אונד מאַהלט זיא אזויא טריי אונד אזויא וואהר וויא דיא ראָמאַנטיקער האבען דאס געטהון, נור זיא מוז פער־אייניגען דיאביידע מיט דיא רעעלע אומשטענדען פון דעם לעבען, אין יעדער שריט אין דעם רעעלען געמעלד אין יעדער שטריך פון דער אמת'ער דראמאַטישער קונסט אין יעדער טהון, ווירקען אונד בעשאַפען פון מענשען אונד אומשטענדען, מוז זיך אָפּשפּיגלען דיא אמת'ע נשמה פון דעם טהוער און די גאנצקייט פון דיא אייביג וויר־קענדע ארומרינגלענדע אומשטענדען. אט דאס איז דיא רעאַליסטישע דראמא.

* * * * * *

דיא רעאַליסטישע דראמא האט שוין געבליהט אין אייראָפּאַ ווען אברהם גאָלדפאַדען האט געבויט דעם בנין פון דעם אידישען טהעאַטער אונד עס ווייזט אויס אז ביז א געוויסער צייט אין זיין טהעאַטער דיכטונג איז ער געווען שטארק בעאיינ־פלוסט פון דעם שטרעבען צו מאַהלען ווען ניט גאנצע רעעלע בילדער, ווענינגסטענס איינצעלנע, אפילו קליינינקע, אבער דאך רעעלע לעבענס פאקטען. אזוי למשל איז זיין „כישופמאכערין" געבויט אויף דער האנדלונג פון א שלעכטער פאלשער פרויא, וועלכע מאכט יד אחת מיט איין אלטער מכשפה, אונד מאכט נעבאך א תל פון א גליקליכע פאמיליע אום צו פערזאָרגען איהר אייגענע טאָכטער וואס איז איהר געבליבען פון ערש־טען מאן. אזויא אויך אין דיא „ביידע קוני לעמלס" מאכט א יונגער סטודענט אלער־ליי קונצען, שטיפט וויא א וויסער־חברה'ניק, בכדי צו דערשרעקען א אידען, א יחסן, א חסיד, וואס וויל פערשלייערען זיין וואָהל טעכטעריל צו א יחוסדיגען הינקעדיגען שלים מזל, און ער—דער סטודענט האט טאַקע פאר איהר חתונה ווייל דער אלטער נאר גיט זיך אונטער. און אזוי אויך אין „קאַבצענזאָן עט הונגערמאַן" ווערט נעבאך א געפּעסטעטע מיידעל פעראונגליקט דערפאר, ווייל וויא פיעלע היינט וועלטיגע מייד־לאך האט זיא גענאַשט א לעק פון א שלעכטען ראמאן אונד מיינט אז וואס עס שטעהט אין ראמאן איז כלו תורה,—אז מען דארף חתונה האבען אונד לעבען וויא דער ראמאן הייסט. זיא זאגט אָפּ דיא בעסטע שידוכים אונד האט חתונה פאר א שארלאטאן וואס האט פערשטאַנען זיא אָפצונארען און אויסנארען איהר פערמעגען.זיא ליידעט און בע־צאָהלט שווער פיר איהרע נארעשקייטען. און אזוי אויך אין אנדערע פון זיינע פיעסען וויא „דיא באָבע מיט דעם אייניקעל", „שמענדריק", „פּאָדריאַטשיק", וועלכע זיינען אלע קליינישטשקע, פיצינוטקע לעבענס־פאקטען, וועלכע ער האט אין אויבערפלעכליכע שטריכען אויסגעמאָהלט אין דער פאָרמע פון טהעאַטער פאָרשטעלונגען.

באמת געהערדט וואלט געווען א פערברעכען פון א קריטיקער צו מעסטען דיא דראמאטישע ווירדע פון גאָלדפאַדען'ס פיעסען אויף דער מאָס פון דער היינטיגער רע־אַליסטישער קריטיק. ווייל, פערשטעהט איהר מיך, דיא היינטיגע קריטיק פאָרדערט אז א דראמאטישער דיכטער זאָל ערשטענס קענען מאַהלען ריכטיגע טיפּען, דאס הייסט, פאַרשטעהער פון א געוויסען סארט מענשען און אויך געוועהנליכע אלטעגליכע

מענשען, וואס נעהמען אנטהייל אין דער דראמא, נאטור טרייא, אי קערפערליך אי גייסטיג פון אנהויב פון דער פערהאנדלונג ביז צום סוף, און ניט וויא עס פאסירט אפט אז אין אנהויב פון דער פערהאנדלונג איז דער געמאהלטער טיפ א העלד, אין מיטען א קאקעטירענדע דאמע אונד צום סוף פשוט א פושע ישראל.

צווייטענס מוז דער דראמאטישער דיכטער קענען פארשטעללען זיינע טיפען אין מענשען אין פאססענדער טהעטיגקייט, דאס הייסט, דאס וואס זייא טהוען, דיא גאנצע פערהאנדלונג פון דער שטיק מוז זיך קלעפען צו זייער פערזענליכקייט, אונד ניט עס זאלל זייא פאססען משונה ווילד, וויא למשל א שלעכטען אידישען אקטיאר דיא ראלע פון א רוימישען צעזאר, אדער א נויארקער סאלון קיפער דער פארזיטץ אין אמעריקאנער סענאט.

דריטענס מוז דאס גאנצע שטיק—די דראמא—האבען אן אומשטענדליכען צוזאמענהאנג, ד.ה. עס מוז זיין א בנין וואס פאלגט לאגישער וייזע פון די אומשטענדען פון לעבען, דיא דראמא מוז זיין א גאנצע זאך וואס מען קען ניט צוברעכען אונד צוברעקלען אהן דעם אז מען זאלל שאדען דער רעעלער פערהאנדלונג. ניט וויא למשל אין א סך אידישע פיעסען פון וועלכע מען וואלט געקענט ארויסווארפען דעם גאנצען מיטטען, אונד דער אנהויב מיט'ן סוף וואלטען יאקבי געבליעבען א פיעסע, אדער מען וואלט געקענט דעם סוף פערבייטען פון א קבורה אויף א חתונה אונד עס וואלט אלץ געווען א פיעסע. פערשטעהט זיך, טאקע אזא פיעסע וואלט דאס געווען, אימשטיינסגעזאגט ! דיא רעאליסטישע דראמען קריטיק פארדערט —ריכטיגע טיפפען אונד מענשען, אי קערפערליכע אי גייסטיגע. פאסענדע האנדלונג, וועלכע פאלגט פון דעם פסיכישען וועזען פון אלע וואס האנדלען אין דער דראמא. רעעלע אומשטענדען, גאנצקייט אונד וויכטיגקייט פון דעם לעבענס בילד אדער לעבענס אומשטענדען וועלכע דיא דראמא וויל פארשטעללען. דאס אללעס מוז זיך פערהאנדלען אין א שעהנער גלאטער, פערשטענדליכער שפראך.

נאטירליך, אויב דער דיכטער בעזיטצט דיא גרויסע קונסט קען איהם נאך דיא מאדערנע דראמא שטעללען גרויסע אויפגאבען. זיא קען פארדערען פון איהם ער זאלל נאך אויס דיא רעעלע טיפען אונד רעעלע אומשטענדען שאפען נייע אידעאלען אין דעם מענשליכען לעבען, דאס הייסט ער זאל לאזען געוועלטיגען אין דער טהעטיגקייט פון זיינע מענשען אונד בילדער ניט נור דיא מענשליכע געפיהלען אונד מענשליכע אומשטענדען, נור אויך דעם מענשליכען פערשטאנד, וועלכער זאל ענטדעקען דיא בעהאלטענע אונד בעשאפען נייע אומשטענדען אין לעבען, אונד דיא וויעדער זאלען בעשאפען נייע מענשען. אבער דאן ווערט דער קינסטלער ניט נור דער דיכטער וואס פינזעלט אונבעוואוסטערהייט דיא טיעפסטע פאלדען פון דער מענשליכער זעעלע, דיא רעעלסטע אומשטנדען פון לעבען אונד פון דער געזעלשאפט אקוראט וויא זיי שפיגלען זיך אפ אין דעם שווארץ־אפעל פון זיין אויג—ער ווערט ניט נור דער קינסטלער דער מאלער, נור דאן דערטאפט ער, טאקע אונבעוואוסטערהייט, אין דעם „מוז“ פון דעם מענשליכען לעבען, וועלטען וועלכע דארפען ערשט קומען, וועלטען וועלכע מוזען קומען אונד ער ווערט דער דיכטער—דער פראפעט.

נו, געוויס דארף מען אזעלכע דיכטער זשעניען אין אונזער אידישע וועלטעל ניט זוכען. אפילו דיא אומות העולם להבדיל האבען אזעלכע זשעניען גאר ווייניג, א פשיטא שוין מיר אידען, בייא וועמען דיא גאנצע דראמא דיכטונג איז ערשט פינף און צוואנציג יאהר אלט.

צו לעגען דיא דאזיגע מאס פון דראמאטישע קריטיק צו גאלדפאדענס ארבייט וואלט פשוט געווען א מיאוסע זינד, ווייל ער האט זיך געדארפט רעכענען ניט נור מיט דער ענטוויקעלטער אייראפעאישער דראמא, נור אויך מיט דעם שטארק אונענטוויקעלטען צושטאנד פון זיין פאלק, געגען אזא צושטאנד פון איין אונענטוויקעלט פאלק קענען טהעארעטישע פאדערונגען פון קונסט נור קעמפפען אונד זוכען צו

בילדען אונד בעלעהרען דאס פאָלק, אונד דאס האט גאָלדפאַדען אויך געטהון.

גאָלדפאַדען האט אין זיינע ערשטע פיעסען בעקעמפפט דעם חסידיזמוס אונד דעם אידישען יחוס מיט דער גאנצער קראפט פון זיין זעעלע, ער האט געזוכט אויפצו־וועקען ביים אידישען פאָלק דעם גייסט פון בילדונג אונד האט געהאָפט אז דורך ביל־דונג וועט דער נארישער פאנאטיזם, דער ווילדער אבערגלויבען, דער אונמענשליכער האסס צווישען פערשידענע כתות אונד קלייזלעך פערשווינדען. גאָלדפאַדען האט, וויא דיא גאנצע רוססישע אינטעליגענץ פון יענער צייט, געזוכט צו פרעדיגען צו זיין פאָלק, לערנען דאס פאָלק גוטע מידות, ער האט געלויבט דאס גוטע, פערשאָלטען דאס שלעכ־טע אונד האט איינגעוואורצעלט אין זיין פאָלק א שטרעבען צו אויפקלערונג, צו ארענטליכקייט, אונד אין זיינע שפעטערדיגע ווערקע וויא אין „שולמית“, „בר כוכבה“ אונד אנדערע א בעוואוסטזיין פון נאציאָנאלער גאנצקייט, דאס האט ער געטהון דורך דעם אידישען טהעאטער!

פון דעם דראמאטישען שטאנדפונקט אבער מוז מען צוגעבען אז אין זיינע שריפטען געפינט מען נור ווייניג ריכטיג געמאָהלטע טיפען, אפילו דיא מענשען וועלכע ער שיינט צו קענען גאָר גוט, האלטען אויך ניט אויס דיא גאנצקייט פון זייער פסיכאָ־לאָגישען לעבען. זיינען אמאָל שטארקע מענשען, העלדען. און אמאָל ווערן זיי מעקעליך. זיי בייטען זייער פנים, איך מיין דאס אינערליכע פסיכאָלאָגישע געשטאלט וויא דיא בילדער בייטען זיך אין א פאנאראמא. מעהרסטענטהיילס ווערען אלע גוט אונד פרום וויא גאָלדפאַדען אליין ווינשט דאס. מען זעהט בעשיינפערליך אז דער אידעאל נעהמט דיא אויבערהאנד ביי גאָלדפאָדענען איבער דיא ריכטיגקייט פון דיא מענשען וועלכע ער שטעללט פאָר. „זאָל דיא קונסט“, טראכט זיך גאָלדפאַדען, „איינגעהמען א מיתה משונה אבי דיא ליעבע, דיא בילדונג, דיא גוטע, פיינע מענשען זאָללען טריאומפירען אין דער פאָרשטעלונג.“ אונד דיא קונסט נעהמט טאקע איין א מיתה משונה! האנד־לונג איז אין גאָלדפאָדענס פיעסען פאראן אימער מעהר וויא נעטהיג. עס טהוט זיך בסדר. אונד דאס איז פשוט דערפאר ווייל דיא האנדלונגען קומען ניט ארויס פון דער נשמה פון דעם טהוער, נור פון דער מעשה ואס גאָלדפאַדען וויל דערצעהלען אין דער פאָרשטעללונג. אזויא למשל נארט אב דער סטודענט אין דיא צווייא „קוני לעמעלס“ ניט נור דעם חסיד — דעם פאטער פון דעם מיידעל, פאר וועלכער ער וויל חתונה האבען, וואס דאס איז דיא הויפט־זאך, נור אויך דעם אמת׳ן קוני־לעמעל וואס מען קען נאָך פארטראגען, ער נארט אבער אויך אב דאס ארימע מיידעל נעביך, דיא טאָכטער פון דעם שדכן. פאר וואס? עט, אזויא, עס זאָל זיך מעהרער טהון אין דער פאָרשטעט־לונג! ביי גאָלדפאָדענען אין דיא פיעסען איז געוועהנליך דאָ צופיעל האנדלונג אויך דערפאר ווייל דיא מענשען זיינען ניט ריכטיג געמאָלט. יעדער טיפ איז ניט א יחיד, נור פון שטיקלאך מענש א געמאכטער רבים, אונד יעדער שטיקעל טהוט עטוואס וואס איז ניט אין אנקלאנג מיט דעם גאנצען. דיא אומשטענדען פון דער פערהאנדלונג מאהלט גאָלפאַדען מעהר אָדער ווייניגער רעעלע. ווייל ער בעהאנדעלט מעהר אָדער ווייניגער רעעלע־פאקטען. דיא גאנצקייט פון דער פערהאנדלונג איז אָפטמאָל צוזאמע־געשטוקעוועט מיט א לידעל, אונד אין דעם לידעל טאקי איז גאָלדפאָדען דער גרויסער אידישער פאָלקס־פאָעט.

גאָלדפאָדענס טאלענט אלס דראמאטישער שרייבער איז אָהן א ספק ניט קיין גרויסער. דיא טהעמאס, וועלכע ער בעהאנדעלט זיינען געוועהנליך קליינינקע. דיא האנדלונגען פאָלגען אָפט מאָל ניט פון דיא אינערליכקייט פון דיא מענשען אונד ניט פון דעם צוזאממענשטיממונג פון דיא אומשטענדען. דיא טיפען זיינען קוים אין אוי־בערפלעכליכע שטריכען געשילדערט, אונד זיינען נור מיט זעלטענע אויסנאהמען אויס־געהאלטען ביז אין סוף פון דער פערהאנדלונג, אונד כאָטשע דיא פערהאנדלונגען, ווע־ניגסטענס אין זיינע ערסטע פיעסען, זיינען מעהר אָדער ווייניגער רעעלע, איז אבער

דיא צוזאַמענשטעללונג אונד דיא גאַנצקייט פון דער פּיעסע אַ קונציגע ניט קיין נאַטירליכע.

גאָלדפאָדען קומט ערסט צו זיין אמת'ע גרויסקייט ווען ער הערט אויף צו זיין דער דראַמאַטישער דיכטער אונד ווערט דער דיכטער פון זיין פאָלק. ווען ער וויינט איבער דיא ליידען פון איין אונגליקליך קינד אונד רופט צו רחמנות זיין פאָלק אין „אוי, איהר אידען, בני רחמנים"; ווען ער וועקט זיין פאָלק צ בילדונג אונד ליכט אין „שטיי אויף מיין פאָלק, עס אז שוין טאָג", ווען ער בעקלאַגט דעם עביגען וואַנדערער אין דעם וועה-געשרייא „אַ איד ביזט דוא, געה, געה, ווייטער געה!" אָדער ווען ער בעזינגט דיא גרויסקייט פון זיין פאָלק אין דעם טראַדיציאָנעלען „ראָזינקעס מיט מאַנדלען", דאַן איז ער אין זיין אמת'ער גרויסקייט, דאַן בעט ער זיך אוים אַ ווארעמע נעסט אין דעם בוזעם פון זיין פאָלק אויף לאַנגע קומענדע דורות.

* * * * * *

דיא פּאָעטישע דיכטונג האט סוף כל סוף גענומען דיא אויבערהאַנד אין גאָלדפאָדענס טהעטיגקייט, אונד ער האט אנגעהויבען צו דיכטען זיינע היסטאָרישע אָפּפּערען וויא „דאָקטאר אַלמאַסאַדאָ," „שולמית" „בר־כבבה," „עקדת יצחק" און אנדערע. צו אונזער גרויסען בעדויערן איז דאס אויך געווען דער אנהויב פון דער גרויסער מאַסע היסטאָרישע אָפּפּערען אונד דראַמאַן וועלכע האבען זיך ענטוויקעלט אין דעם אידישען טהעאַטער אונד וועלכע זיינען איינפאַך ווערטהלאָזע, אונזיניגע שרייבעכץ פון אונגעבילדעטע אונד טאַלענטלאָזע מענשען. אַפּילו גאָלדפאָדענס היסטאָרישע אָפּפּערען, כאָטשע אין זייא האט ער אָפּטמאָל געגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון פּאָעטישען סטיל אין דער זשארגאָנישע שפּראַך, האבען פון דעסטוועגען קיין ערנסטע דראַמאַטישע ווירדע, איינפאַך דערפאר וויילמיט דער געשיכטע האט גאָלדפאָדען געהאַנדעלט וויא מיט דיא רעגלע ערשיינונגען פון אונזער לעבען, ער האט זייא נור אויבערפלעכליך בעריהרט אונד האט מעהר מאָל צונויפגעמישט היינט-וועלטיגע אומשטענדען אונד מענשען מיט דער פאַרצייטיגער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק.

דיא שעהנסטע פון זיינע היסטאָרישע אָפּפּערען איז געווים „שולמית", דער הויפּט געדאַנק איז אייגענטליך דאס וואס דער העלד האט אַ שלעכטען זכרון אונד פערגעסט אַז ער האט געשוואָרען ליעבע צו אַ מיידעל וועלכע ער האט אַלליין געראַטעוועט פון אַ ברונען. ער דערמאָהנט זיך ערסט אַן דער ליעבע נאַך דעם וויא דיא עדות, אַ קאַטץ מיט אַ ברונען, וואס זיינען געווען דערביי ווען ער האט געשוואָרען, זיינען זיך נוקם אין איהם אונד עס שטאַרבען בייא איהם זיינע צווייא קינדער אין איין טאָג. דיא מעשה אַלליין איז גאר ניט קיין אינטערעסאַנטע, אונד וואס עס ווירקט אויף אייך אין דער פּיעסע איז ניט דאס לעבען, ניט דיא טהאַטען פון דיא מענשען, ניט אפילו דיא מענשען אַלליין, נור דער פּאָעטישער אנסאַמבעל פון דעם גאַנצען בנין. דיא שיינע קלינגענדע ווערטער, דער אויבערפלעכליכער גלאַנץ פון דער געביידע. עס איז דוכט זיך פון קריסטאַל דאס גאַנצע שטיבעלע.... אָבער פּאַסט אויף! עס איז גאר אַזאַ מין דין, זעהר דין גלאָז דורך וועלכען עס שפּילט זיך דורך אין אַללערליי רעגענבויגען קאָלאָרען דיא שיין פון גאָלדפאָדענס פּאָעטישע ליכט, אבער אנרירען טאָהר מען דאס ניט אפילו מיט אַ פינגער. מען קען עס מיט אַ ריהר צוברעכען. אמת, מען דאַרף זיין אַ קינסטלער אויפצובויען אַזאַ שיין שטיבעלע פון אַזאַ דין גלאָז. דאס האט געקענט גאָלדפאָדענס פּאָעטישער גייסט.

„בר כבבה" איז אַ בעדייטענד בעסערע פּיעסע אונד מעהר היסטאָריש בעגרינדעט, דערפאר איז „עקדת יצחק"—בעגרינדעט אויף דער מעשה'לע פון חומש, איינפאַך אַ מישמאַש פון זעהר פּאָעטישע שטעללען מיט זעהר בלישצענדע אונד פאַנטאַסטישע דעקאָראַציאָנען. אין דער פּיעסע ווייזט גאָלדפאָדען אַז איהם איז לחלוטין פרעמד דיא גאַנצע קריטישע ליטעראַטור איבער דער ביבעל וועלכע האט זיך דורך אַזויא פיעל מיהע ענטוויקעלט פאר דיא לעצטע 50 יאָהר אין דייטשלאַנד, פראַנק־

רייך אונד ענגלאנד. איבערהויפט איז ער ניט טריי צו דעם טעקסט פון דעם ביבלישען מיף אונד אויך ניט צו דעם טעקסט פון דער אראבישער ערצעהלונג וועגען דעם מיף אונד מאכט דעם ארימען ישמעאל פאר א משונה ווילדען פאיאטץ — א קאמיקער בלשון טהעאטער. דיא אראבער וואללטען גאלדפאדענען געקוילעט אז זייא זאללען וויסען וואס ער האט געטהון מיט זייער מיפאלאגישען שטאם פאטער. אונד וויא עס ווייזט אויס האט גאלדפאדען געדענקט, אז אין אברהם'ס צייטען האט מען זיך גע־טהיילט מיט ירושה אזויא וויא מען רייסט זיך אונד מען צופט זיך איבער א ירושה אין פאדאנקישאק, און ער האט אויסגעמאהלט א בילד פון טהיילען זיך מיט אברהם'ס ירושה אז דעם אלט סעמיטישען קולטור פארשער קען ווערען פינסטער אונד וויסט אין דיא אויגען. איבערהויפט איז ער אזויא פרעמד צו וויסען אונד פערשטעהען יענע טונקעלע עפאכע, אז ער וואללט געמעגט פערשוויינען וועגען איהר. אונד פון דעסט־וועגען איז אין „עקדת יצחק" פעראנען סעמפעלם פון דער שעהנסטער זשארגאנישער פאעזיע. אט איז א ביישפיעל וויא אברהם ענטוויקעלט זיין הויפט וואונש נאך א קינד.

„א קינד וואס זאלל זוכה זיין פון אונז ביידע צו שטאממען
„ניט פערפלעקען, נור עהרע מאכען מיין פערדיענטען נאמען
„א קינד פון חכמה אונד גייסט, וואס זאלל זיין אויך אימשטאנד
„צו ירש'ענען מיין פערמעגען, ערווערבען דורך גייסט אונד פערשטאנד
„דאס וואס איך האב געפארשט אונד ערגרינדעט אויף קלאהר,
„אז עס יז דא א גרויסער מייסטער איבער דער נאטור,
„אז אללעס וואס איז געוועזן, וואס ס'איז דא אונד וועט ווערען
„וואסער, לופט אונד ערד, זאננע, מאנד אונד שטערען,
„זיינען ערשט שלוחים פון א שעפפער א לעבענדיגען,
„וואס ער האט קיין אנפאנג אונד וועט זיך אויך ניט ענדיגען
„אויף אזא יורש האב איך געבעטען, וואס ער זאל פלאנצען וויטער
„פון דור צו דור דיא תורות פון זיין פאטער...
„אה, קען ער דען הייסען בוים, ווען ער לאזט ארויס קיין צווייגען?
„קען ער הייסען קוואל, ווען זיינע וואססערן שטעהען אונד שווייגען?
„קען איך דען הייסען מענש, דעם שעפפערס ווערק דאס שעהנסטע?
„דיין אויגען בעסטע ווערק צוברעכען, מייסטער, קענסטו?"

יא, אברהם גאלדפאדען האט ניט נור בעשאפען דאס אידישע טהעאטער וואס קען מיט דער צייט ווערען דאס שטארקסטע אונד בעסטע מיטטעל פאר וואהרער בילדונג אונד אמת'ער קונסט, נור ער איז נאך אלץ פערבליעבען דער גרויסער אידי־שער זינגער, דער דענקענדער פאעט וועלכער האט געקענט פערשיעדענע געדאנקען ארייננגיסען אין דער שעהנסטער פאעטישער פארמע וועלכע דיא זשארגאנישע שפראך בעזיטצט. דיא בעסטע אידישע דראמאטישע דיכטער האבען איהם שוין איצט איבער־געיאגט אין דער דראמאטישער קונסט, דיא יונגע דורות פון אידישע זשארגאנישע פאעטען וועללען איהם נאך מעגליך איבעריאגען אין דער פאעזיע. יא, מעגליך, אבער אברהם גאלדפאדען וועט פערבלייבען אויף אימער אין דער געשיכטע פון דער זשארגאנישער ליטעראטור דער בעשאפער פון דעם אידישען טהעאטער אונד אידישע דראמא, און נאך מעהר, דער גרויסער אידישער פאלקס־פאעט וואס האט מיט דער וואר־רעמקייט פון זיין מוזע אונד מיט דעם ליכט פון זיין טאלאנט געווארעמט דאס הארץ פון זיין ליידענדען פאלק אונד בעלויכטען דעם וועג צו זיין בעסטענדיגען פארשריט.

דר. ה. זאלאטאראוו.

# דיא ענטוויקלונג פון דער דראמא.

„די דראמא איז דער תוך פון'ם לעבענס־פראצעס".
ה ע ב ב ע ל.

פון אלע פערשיעדענע פארמען פון דער שרייבענדער און געשריעבענער קונסט, פערנעהמט דיא דראמאטישע פארם דעם העכסטען פלאטץ. א חוץ איינינע לירישע שעפפונגען, וואס האבען זיך, דורך דער פאלקאמענער הארמאני פון דיא טענער אונד פון בילד, ערהויבען צו אן אונבעשרייבליכער שעהנקייט פון אויסדרוק אונד האבען דעם געוועהנליכען ווארט אויפגעהויבען צו אזא הויך, אז מען קען צו איהר ניט צוקומען.

דאס אליין שוין וואס אין דער דראמא ווערען דיא פערזאנען געמאכט צום רעדען; וואס זייא ווערען אין איהר געצייכענט מיט זייערע אייגענע בעוועגונגען און שפראכע. דער כישוף מיט וועלכען דיא דראמא ברענגט עס אראפ דאס גאנצע וועלטיל וואו דיא פערזאנען לעבען אונד זייערע טהועכצען; דעם גרונד פון דיזע טהועכצען און זייערע סיבות. זייער תכלית און זייער ווידער ווירקען אויף די טהוער; דאס אליין שוין גיט דעם שרייבער אריין א מורא'דיגען חשק אויסצוקלייבען זיך דיא דראמאטישע פארמע, אפילו ווען ער וויים אפריהער אז זיין בוך וועט קיין מאל ניט געשפיעלט ווערען. היינט וויפיעל מעהר שוין קען דיא זאך ארויסגעגעבען ווערען דורך דעם לעבעדיגען שוישפיעלער, וויפיעל דורך דעם וואס דיא פארקומענדע האנדלונגען ווערן איינגעפאסט אין פערשטענדיג צוגעפאסטע סצענערייען. דיא אויג זעהט, דער אויער הערט, אונד דיא פאסיגע מינע אונד דיא תנועות פון דעם שוישפיעלער ווירקען אויף דעם צוקוקער וואס ווייטער אלץ מעהר, גאר אהן זיין וויסען. אונד דיא מענשליכע נאטור וואס מיר האבען אלע גלייך צוזאמען, דער איינגע'ירשה'נטער געפיהל פון אונזער אלעמען'ס צוזאמענגעהעריגקייט, דיא פערבעהאלטענע, טיעף איינגעגראבענע אהנונג פון אונזער אלעמענס קרובה'שאפט ערוועקט זיך אין אונז דאמאלס אם שטארקסטען, אונד זאגאר דער געמיינער מאן ווערט, אהנע זיך צו ערהויבען איבער זיין וואכעדיגקייט, אהן זיין ווילען אריינגעצויגען מיטצופיהלען גראדע וויא דער מעהר געלערנטער מיט דיא מענשען אויף דער ביהנע, וועלכע ראנגלען זיך מיט זייערע ליידענשאפטען אדער מיט זייער אכזריות'דיגען שיקזאל.

וויא נור דיא דראמא, אין איהר לויף דורך דער מענשליכער געשיכטע, טרעט ארוים פון דעם קינדישען צייט־אלטער פון בלויזע פארשטעלונגען אונד גראבע שפאסען מיט חכמות פון טרוקענע קלעפ, אונד זיא פאנגט אן צו בעריהרען דעם מענשליכען שיקזאל, דאמאלס פארדערט זיא שוין פון איהר פובליקום א געוויסען גראד פון אויספיינונג אונד געהובעלקייט. ניט א גרעסערע בילדונג אדער דענק־ארבייט, ניט דאס. אבער עס מוז דאך זיין אזא אלגעמיינער ענטוויקלונגס־צושטאנד אין דער געזעלשאפט, בייא וועלכען ראס אריינבליקען אין זיך זעלבסט, דאס זוכען אונד פרעגען מכוח דעם מענשליכען שיקזאל זאל איבערהויפט קענען געמאהלט זיין. אונד אין דער אמת'ן טאקע טרעפען מיר דיא דראמא ערשט בייא דיא פעלקער, וואס האבען שוין דערגרייכט צו א געוויסע הויכקייט פון ציוויליזאציאן. אונד צוליעב דעם צונויפקומען זיך פון דער דראמא מיט דעם אלגעמיינעם ענטוויקלונגס־צושטאנד פון דער געזעלשאפט, קומט עס אויך ארוים דאס די דראמא איז דאס קונסט־ווערק וואס דריקט אויס דיא נאציאנאלסטע אייגענשאפטען פון דעם פאלק, דיא אנגעהעריגסטע אלגעמיינע מדות פון דער לאנד, צו וועלכער זיא געהערט. בען דזשאנסאן'ס און קאנגריווס קאמעדיעס דערצעהלען אונז מעהר מכוח דער בעזונדערער נאטור' דעם אמת'ן כאראקטער פון דעם ענגלישען פאלק, וויא עס דערצעהלען אונז מכוח דעם דיא אלט־ענגלישע בנינים,

מעהר וויא מילטאָן'ס אונד פּאָופּס פּאָעזיען, מעהר אפילו וויא האָגאַרטה'ס געמעלעכצען.

דיא גרויסע קעניגרייך פון דער דראַמאַ איז לאַנג אונד ברייט אונד אפילו דיקע ביכער פערמעגען קוים צו געבען אַ גענינגענדע בילד פון דער דראַמאַ. היינט וואס איז שוין צו ערוואַרטען פון אַן אַרטיקעל פון עטליכע זייטלאַך, נאָך אין אַ יובילעאום שריפט? ניט דיא צייט וואס מען האט מיר געגעבען, אויך ניט דער פּלאַץ וואס איז מיר אויסגעטהיילט געוואָרען, ערלויבען מיר צו געבען אַן אַלגעמיינעם איבערבליק פון דער דראַמאַ אונד פון איהר ענטוויקלונג אין דער היינטיגער צייט. דער געאָגראַף קען ניט זאָרגפעלטיג בעאָבאַכטען דעם באָדען וועלכען ער בעטראַכט, אונד ער מוז זיך דעריבער בענוגנען מיט דאס וואס פאַלט איהם אין אויג אריין דורך זיין טעלעסקאָפּ. דיא שפּיצען בערג זעהט ער, דיא מייסטערווערקע טרעפען זיין בליק. דיא ברייטע אָבער וועניגער הויכע ערד־שטרעקעס, דיא פּלעצער וואס ערהויבען זיך ניט פיעל איבער'ן טהאל, דער פּלאַציגער פּליין—דיא אַללע וועט ער צייכנען פיהרענדיג מיט אַ פרייער האַנד. אונד דאָך ערהויבט זיך דער באַרג אַזוי הויך איבער'ן ים נור זייא צו פערדאַנקען. אַזוי פערשטעלט שעקספּיר'ס גרויסער שאַטטען דיא געשטאַלטען פון זיינע קאָללעגען מאַססינדזשער און פאָרד, ביומאָנט אונד פלעטשער, זאָגאַר דיא הויכע געשטאַלט פון קריסטאָפער מאַרלאָו. דיא ריעזען הויכע בילד פון געטהע'ס פאַוסט ציהט אָפּ דיא אויג פון דעם אויסגעצייכנעטען פאַוסט פון לענאָו, פון איממערמאַן'ס מערלין, פון גראַבבע'ס ריעזען־מעכטיגען „דאָן זשואַן אונד פאַוסט.“

* * * * * *

גאָר פאַרצייטען האט דיא דראַמאַ דערגרייכט איהרע שעהנסטע בליהונגען ביי דיא גריעכען. אין דער שעהנער לאַנד פון דיא גריעכען האט אויפגעבליהט אונד איז צייטיג געוואָרען אַ ציוויליזאַציאָן, וועלכע האט ניט געהאַט איהר גלייכען אין דער גאַנצער צייט. צום ערשטען מאָל אין זיין געשיכטע האט דאָ דער מענש אויסגעגלייכט זיין געבויגטען נאַקען אונד זיינע אויגען האבען אפּגעלאָזט דעם בליק פון שרעק פאַר זיינע געטטער. דיא לאַנד איז געוועזען אַ גוטע, דער ים איז געוועזען ברייט, דיא זונן האט געשיינט אונד דיא טרויבען זיינען אַראָפּגעהאַנגען אין שווערע הענגלאַך. דער מענש האט אויפגעהערט זיך צו שרעקען; וויבאַלד דער שיקזאַל איז צו איהם געוואָרען פריינדליך. האבען אויך זיינע געטטער אָנגענומען אַן אַנדער פּנים אונד זייא זיינען געוואָרען ליעבליך אונד פריינדליך. דער שרעקליכער אַלטער גאָטט כאַטורנוס אונד זיינע טיטאַנען זיינען בעזיעגט געוואָרען פון דעם גאָטט צעאוס דעם איינוואָהנער פון דעם שעהנעם באַרג אָלימפּוס אונד פאַר געטטליך איז ערקלערט געוואָרען דאס וואס איז געוועזען שעהן. דאַמאַלס האט זיך אויפגעכאַפּט דער מענשליכער גייסט. אל דיא חכמות וואס דיא פּריסטער האבען זייט יאהרען געזאַמעלט אונד בעהאַלטען בחדרי חדרים זיינען דאן ענטפּלעקט געוואָרען פאַר אַלעמען. דיא טויזענדער יאהריגע ערפאַהרונג וואס דיא מענשען האבען געהאַט אין זייער קאַמפּף מיט דער נאַטור אום ניט אומצוקומען, דיא אונקלאָרע, טיעף־איינגעגראָבענע ערלערנונגען—דאס אַללעס איז ארויסגעקומען פון אויבען־אויף. אַזוי האט אויפגעבליהט דיא קלאַסישע פילאָזאָפי אונד האט דעם מענשען בעקענט מיט זיין אייגענעם ווערט אונד הויך. דעמאָקריטאָס האט שוין צו יענער צייט געטרוימט פון אַ מין טהעאָרי פון דיא אַטאָמען, אַנאַקזאַגאָראַס האט מיט שטאָלץ ערקלערט דאס דער מענש איז דער מאַסשטאַב פון אַללע זאַכען. צענא האט געלערנט פאַר דער וועלט דאס רעכט פון דעם איינצעלנעם מענשען, אונד אַריסטאָטעלעס האט קלאַססיפיצירט אונד איינגעאָרדנעט וויסענשאַפטען אונד געגענשטענדע.

ביי דיא גריעכען איז זייער קולטור געוועזען טהייער, זייער לעבען איז זייא ליעב געוועזען אונד שטאַרבען האבען זייא ניט געוואָלט, אָבער ווען זייא פלעגען געהן אויף מלחמה פלעגען זייא וועללען שטאַרבען אַזוי שעהן וויא זייא האבען געלעבט. זייערע שווערדען פלעגען זייא בעהענגען מיט רויזען־קראַנצען אונד ווען זייא זיינען געפאַללען אין מלחמה פלעגען זייערע קרובים, צום אַנדענקען פון דיא געפאַלענע העלדען, טרינקען דעם וויין פון דיא ברוינע, מיט בלומען בעפּוצטע קרוגען.

העכער נאָך וויא דיא געטער, שטעהענדיג איבער זייא אונד בעשטימענדיג

אפילו זייער גורל, האט דער גריעך אוועקגעשטעללט דעם שיקזאל, דעם פון יוזלכען מען קען ניט אנטלויפען, ניט בעהאלטען זיך אונד וועלכען מען קען בשום אופן עולם ניט איינבעטען, דעם בעשלוס פון דער אונפערמיידליכקייט. אין דעם מענשען'ס אונגליק האבען דיא פארצייטיגע גריעכען געזעהען דעם ניט־פערדיענטען בעשלוס פון שיקזאל, פון וועלכען קיינער אין דער וועלט האט ניט געקענט אנטרונען ווערען. זייא האבען אויף דער זאך ניט געקוקט וויא קריסטען, אונד דאס אונגליק האבען זייא ניט פעררעכענט פאר אבקומענים פאר פריהעריגע זינד, פאר גאטטעס שטראף. דער תוכן פון דער אלטער גריעכישער טראגעדיע איז געוועזען דעם מענשען'ס פערהאלטען זיך געגענאיבער דיא געטטער, זיין אונטערוואָרפענקייט אונטער דעם בעשלוס פון שיקזאל. דיא דראמא איז בייא דיא גריעכען ניט געוועזען בלויז א מיטעל אום ניט צו לאנגווייל ען, אזוי וויא עס איז צו אפט בייא דיא היינטיגע מענשען, נור אן ערנסטער האלב־הייליגער ענין. אין דער דראמא האט זיך אויסגעשפראכען דער פאלקס־קוק אויף דער וועלט, אונד דאס פאלק פלעגט אויך ארויסגעבען דעם פסק אויב דאס שטיק איז געוועזען גוט אדער ניט. דיא פערזאנען אין דער קלאססישער דראמא זיינען געוועזען ניט מעהר וויא מענשען, גריעכען. זייא פלעגען זיין דיא טיפען, דיא מוסטערן, פון געוויסע קלאססען מענשען. דאס איז פאר דעם אלט־גריעכישען דראמאטורג געוועזען גענוג דיא בעזונדערע טבע'ס פון דיא מענשען, אזעלכע וואס געהערן טאקע נור זייא אליין אונד ניט דעם גאנצען קלאס מענשען, האבען ניט געהאט קיין גרויס ממשות פאר דעם צוועק פון דראמא. נאך אלעמען אונד אין עצם זיינען זייא דאך אללע גלייך געוועזען— גריעכען.

דיעזע קורצע בעצייכנונג פון דער דראמא פון דער אלטער וועלט זאל גילטען פון פערגלייך וועגען מיט דער נייערער אייראפעאישער דראמא.

ווען אלט גריעכענלאנד איז, אונטער דעם איינפלוס פון דיא וועניג קולטיווירטע אייראפעאישע פעלקער, צופאלען, איז מיט איהר אין איינעם צופאללען אויך דיא דראמא. אמת, דיא גרויסע רוימישע קעניגרייך האט גריעכענלאנד אבגעירשה'נט, אבער אזוי וויא דיא גאנצע רוימישע ציוויליזאציאן, א דאנק דער פערשיעדענארטיגער צומישענים פון איהרע פעלקער, איז אויך דיא דראמא געוועזען ניט מעהר וויא א קינסטליכע פלאנצונג פון אן אראנזשעריע. דיא שפעטערדיגע רוימישע מלוכה איז געוועזען א מ׳ש־מאש פון פערשיעדענארטיגע ראסען, פון דעם רויטה־האאריגען אירלענדער ביז דעם קרויז־קאפיגען אפריקאנער. אזוי וויא דאס וואלט נאך געוועזען וועניג האט נאך צו יענער צייט דער קריסטענטהום פערצויגען זיין שווארצען שלייער איבער אללע דיא גייסטיגע בעשטרעבונגען, וואס זיינען ניט דירעקט געשטאנען אונטער דער אויפזיכט פון דער קירכע.

ווען אייראפא האט זיך צום לעטצט גענומען אויפכאפען פון איהר איבער טויזענד יעהריגען שלאף, ווען דער הומאניזמוס, דער גרויסער חשק פיר דיא קלאססישע שפראכען אונד חכמה האט זיך גענומען אנצינדען אין איטאליען אונד אין דייטשלאנד, דאן האבען אויך דיא קינסטע פון דאס נייא אנגעהויבען צו בליהען. צום צווייטען מאל אין זיין געשיכטע האט זיך דער מענש אויפגעכאפט אונד האט גענומען דערקענען זיך אליין, זיין אייגענעם ווערטה. דיא רענעסאנס האט זיך אנגעהויבען. זיא האט זיך געלאזט הערען אין'ם לעבען אזוי ווא אין דיא קינסטע, אין דעם שטאאט אזוי וויא אין דער פאמיליע. דיא וועלט האט ערשט ענטדעקט, אז עס איז דא אזא זאך וויא דער איינצעלנער מענש. דיא גרויסע שעפפער פון דער רענעסאנס־צייט האבען געשניצט אונד געמאהלט, געשריעבען אונד געפאכטען. מישעל אנזשעלא האט געבויט אונד געהאקט פון שטיין, געמאהלט אונד געדיכטעט, ראפאעל האט בעשאפען זיינע פארבען־הארמאניען, טיטשיאן, דאווינטשי, מאקיאוועללי, אריאסטא, טאססא, דיא גרויסע הויז פון דיא מעדיטשיער אונד אלע דיא אנדערע איבערפלייצענדע גייסטער זיינען ערשינען אויף דער פונקען־פינקלענדער, פייער־שפריצענדער אויבערפלעכע פון דער איטאליענישער רענעסאנס. מען האט געבויט אונד געשניצט אין שטיין אונד אין האלץ, מען האט געזונגען אונד געפייפט אונד דער היינט־וועלטיגער אפלאכער גייסט האט געפייערט זיינע נצחונות אין דיא שריפטען פון ארעטינא. רעגיערונגס־לעהרען זיינען אויפגעשטעלט געווארען אונד געשיקטע הענד האבען דעם שטאאט אויסגעבילדעט גלייך וויא א קונסטווערק. איינפאכע שוי־שטיקער אונד בא־

ליטעט זיינען אויפגעפיהרט געווארען מיט אונגעהויערע פראכט, קיין דראמא איז אבער ניט בעשאפען געווארען. עס שיינט, דאס דאס לעבען זעלבסט איז צו יענער צייט געוועזען אזוי רייך אין אינהאלט דאס זיי האבען זיך ניט גענויטהיגט אין דער דראמא אז זיא זאלל עס מאכען פוללער אונד דארום האבען זייא דיא ביהנע געברויכט נור אלס א פוץ־זאך. דיא קענשאפט צו ווענדען זיך צו זיך זעלבסט, צו פערטיעפען זיך אין שווערע מחשבות, דיא קענשאפט זיך צו צוברעכען, צוטהיילען אויף צווייען אונד צו לעבען דאפעלט, אי אין זיך אי אויסער זיך, אזוי ווי דער מענש פון אונזער צייט, דאס האט דער רענעסאנס מענש ניט פערמאגט. ער איז געוועזען געגאסען פון איין שטיק, פון דעם גלאטען, הארטען מעטאל פיר קאנאנען. דיא צווייטע לאנד, אין וועלכער דיא פון דאס נייא־אויפגעבאפטע אויפקלעהרונג איז שטארק געוועזען, דייטשלאנד, איז געוועזען צופיעל פערנומען מיט איהר רעליגיעזער רעפארמאציאן, אונד איז געוועזען אויסגעמארעט פון 30 יאהר מלחמה אונד ליידען. דערפאר אבער האבען דיא פרומע שפאניער, אין דעם זעלבען 16טען יאהרהונדערט, אויפגעבויט א הויך־ענטוויקעלטע דראמא אויף דעם פונדאמענט פון דעם פרומען שפאנישען געמיטה. דיא מייסטערס פון דער שפאנישער דראמא זיינען געוועזען קאלדעראן אונד לאפע דע וועגא, אונד דאס טהעאטער וואס זייא האבען אויפגעבויט האט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף דיא דייטשע ראמאנטיקער אין דעם 19טען יאהרהונדערט, וועלכע האבען קאלדעראנען איבערזעצט אונד נאכגעמאכט. דער פיינער קונסט־קענער גראף שאק האט איבערזעטצט אן אנצאהל פון דיעזע שטיקער אונד האט זייא פערעפענטליכט אונטער דעם נאמען „שפאנישעס טהעאטער.“

איהר ווירקליכעס אויפשטייגען, מען קען זאגען איהר ווירקליכע געבורטה, האט דיא רענעסאנס־דראמא געהאט ערשט אין ענגלאנד, ווען דער גייסט פון אויפקלעהרונג האט דורכגעדרונגען אויך אהינצו. דארט איז דאן אויפגעקומען א גאנצע שוהלע פון דראמאטישע שריפטשטעללער, וועלכע האבען גענומען זייערע פערזאנען דירעקט פון׳ם לעבען, אהנע זיך צו קיממערן אום דיא אקאדעמישע כללים וועלכע וואלטען זייא געשטערט. זייא אללע זיינען געשטאנען נאהענט צום פאלק אונד האבען געשאפען פיר דאס אלגעמיינע פאלק. דיא גרויסע שעקספירישע דראמען זיינען פיר דעם איינפאכען פאלק געשפיעלט געווארען, אונד אהן דעקאראציאנען, אונד דער איננערליכער ווערטה פון דיעזע דראמען איז אזוי גרויס דאס, דאס געמיינע פאלק פון דער „פרייליכער ענגלאנד“, האט געקענט אויפנעהמען מיט ווילדע פרייד דיעזעלבע שטיקער וועלכע האבען די הויכ־געבילדעטע מענשען פון אונזער יאהר־הונדערט געגעבען אזוי פיעל שטאף נאכצודענקען. ריכטיג בעמערקט אלפרעד פואיללע: „דיא גרויסע קונסט ווערט צור זעלבער צייט פון איין גאנצען פאלק, און זאגאר מעהר וויא איין פאלק, בעוואונדערט, פונקט וויא פון דער קליינער צאהל מענשען וואס זיינען פעהיג גענוג דעריין צו ענטדעקען א טיעפערען זינן. דיא גרויסע קונסט איז וויא דיא גרויסע נאטור; יעדער איינער לעזט אין איהר דאס וואס ער איז פעהיג צו לעזען; יעדער איינער געפינט אין איהר א מעהר אדער וועניגער טיעפען זינן, לויט נאך דעם וויא וויט ער קען אין איהר אריינדרינגען. דער וואס בלייבט שטעהן פון אויבען אויף, דער זעהט דיא גרויסע ליניעס, דיא ווייטע האריזאנטען, דעם וואונדער פון פארבען וואס לאזט זיך זעהען אונד הערט דיא הארמאניען פון דיא טענער. דער אבער וואס קוקט אריין טיעפער, דער ענטדעקט נייע שטרעקעס, פאר איהם ענטפלעקען זיך דיא פאלקאמענהייטען פון דיא איינצעלהייטען, עס עפענען זיך אויף אונענדליכקייטען.“ צו קיינע ווערקע פאסען זיך דיעזע ווערטער ניט מעהר וויא צו דיא דראמען פון שעקספיר אונד שיללער אונד דעם ערשטען טהייל „פאוסט.“

„כדי מיר זאללען קענען פערשטעהען דיא ענגלישע רענעסאנס“ זאגט דער היסטאריקער פון דער רענעסאנס. דזש. א. סיימאנדס אין זיין פאררעדע צו מארלאו׳ס דראמען, „טארען מיר זיך ניט בענוגענען מיט שטודירען שעקספירען אליין. מיר מוזען אויך לערנען קענען זיינע פארגעהער, צייט־גענאסען אונד נאכפאלגער; דעם גאנצען געזעמעל מענער, וואס הגם זייא זיינען ניעדריגער פון איהם אין וואוקס, זיינען זייא דאך מיט איהם פון איין משפחה; יעדער איינער פון וועלכע איז געוועזען בעזעעלט מיט אן עהנליכען הויכען גייסט; יעדער איינער פון וועלכע האט פערמאגט א לויטערע, ווייט־זעהענדיגע אויג אריינצובליקען טיעף אין דער מענשליכער נאטור

אונד אַ קראַפט לעבעדיג פאָרצושטעללען זיא דער פאַנטאַזיע, וועלכע קיין שום עהנ־
ליכע גרופפע פון קאָלעגען אין דער געשיכטע פון אירגענד וועלכער אַנדערער ליטעראַ־
טור, פון וועלכער מיר ווייסען נור, פערמאָגט ניט. אונד דיא זאַך וואס האט דיא דראַ־
מאַטורגען פון יענער עפּאָכע אזוי גרויס געמאַכט אַז זייא האבען געקענט פערדיענען
דעם לויב וואס דריידען האט פאַר זייא געפונען.—„זייא זיינען עס געווען פון דער
משפּחה פון ריעזען נאָך פון פאַר דעם מבול"— דיא זאַך וואס האט זייא אַזוי גרויס
געמאַכט איז געווען דאס וואס זייער שרייבען איז געווען דורכגעווייקט אין דעם פול־
כטען מיט־געפיהל מיט'ן גאנצען פאָלק. דאס פובליקום צו וועלכען זייא האבען זיך גע־
וועגדעט איז געווען דיא ענגלישע נאַציאָן, פון קעניגין עליזאַבעטהאַ אויף'ן טהראָן
ביז צו דעם געמיינסטען גאַסען־יונג. אין איינעם אונד דעם זעלבען הילצערנעם טהעַ־
אַטער זיינען זיך צונויפגעקומען לאָרדען אונד גרויסאַרטיגע דאַמען, בירגער אונד בעלי
מלאכה'שע לעהרען־איינגלאַך, מאַטראָזען אונד אַרבייטער, קעשענע גנבים, ישוב'ניקעס
אונד קאַפּיטענער פון דיא מלחמות. דיא מענער וואס האבען געשריעבען פאַר דיעזען
אויסגעמישטען פובליקום האבען ניט געהאַט קיין שווירינקייטען פון אומגעלומפּערטע
ביהנען־מאַשינען אונד גאַרדעראָבעס, ניט פון שוועך־לאַסטענדע גלענצענדע סצענע־
רייען, ניט פון קיין אַקאַדעמישע כללים וועגען וואס עס פּאַסט אונד וואס ניט, ניט פון
קיין עטיקעט פון האָפלייטע, ניט פון דיא אַריינמישונג פון פּאָליציי־אַגענטען אָדער
פון דיא שפּיאָנען פון אַן אנגעשראָקענער מאָנאַרכי. כל זמן זייא האבען אנגעהאַלטען
דיא איינפאַכסטע אַנשטענדיגקייט אין מאָראַל אונד אין רעליגיאָן זיינען זייערע הענט
געווען פרייא; א חוץ דעם איז נאָך געווען זייער שאַפענדער גייסט ערמונטערט פון
דער גאַנצער לעבהאַפטיגקייט פון אַ קראַפטפאָל לעבענדיגעם אונד שטאַרק פעראינ־
טערעסירטעם פאָלק. קיין וואונדער דאס אונטער אַזעלכע אומשטענדען האבען זיך
זאָגאַר מענער מיט אַ מיטעלמעסיגען טאַלאַנט אויפגעהויבען העכער פון זיך אַליין;
דאס אַזעלכע ניט מעהר וויא געזונטע ריעזען וויא דזשאָנסאָן זיינען געוואָרען מעכ־
טיגע טיטאַנען, דאס אפילו א וועבסטער אדער א פלעטשער האבען צייטענווייז ארויפ־
געקלעטערט אין הימעל אַריין אונד האבען פערנומען פלעצער צווישען דיא געטטער
אַליין."

שעקספּיר'ס דראמא האט זעהר וועניג וואס מען זאָל קענען געפינען אויך אין דער
דראַמא פון אַלט־גריעכענלאַנד. דיא איינפאַכקייט אונד דיא ניט־פערשיעדענקייט פון
דעם אַלט־גריעכישען לעבען זיינען אין ענגלאַנד ניט געווען. שעקספּיר האט דערוויסט
אַ פאָלק וואס איז געווען צוטהיילט אין שטאַנדען אונד קלאַססען, אין קעניגע אונד
בעטלער. זייער קוק אויף דער וועלט איז געווען אַן אַנדערער, אונד אין דראַמאַ האט
דער וועלט־בליק פון פאָלק דיא הויפּט־דעה. פריהער פון אַללעס מוז דער דראַמאַטורג
אַוועקשטעללען זייז בנין אויף דעם פונדאַמענט פון דיא בעגריפע פון גוטס אונד
שלעכטס, פון זינד אונד אבקומעניס, פון פערדיענסט אונד געצאָהלט אונד פון מאָ־
ראַלישער גרויסקייט. מיט אַנדערע ווערטער, איידער ער נעהמט אויפבויען אַ שטיק
מוז ער גענצליך אננעהמען זיך פון דעם לעבענס־קוק פון זיינע צושויער. דאס וואס איז
געהאַנגען איבער דעם גריעכ'ס קאָפּ אַלס אַ מאַכט אויסער איהם אונד איבער איהם
אונד ווייט פון זיין קאָנטראָל, דער שיקזאַל, צו אַזעלכעס האט זיך, לויט נאָך דעם
קריסטליכען וועלט־בליק, דער מענש אַליין געמאַכט. אין דעם מענשען גופא זיטצט זיין
גוטס אונד זיין שלעכטס. מיט זיך אַליין מוז ער עס דורכקעמפּפען זיין קאַמפּף. אונד
אויב ער פערשפּיעלט דיא מלחמה האט עס איהם קיין אנדערער ניט בייגעקומען אַ חוץ
זיין פיינד אין זיין אייגענעם האַרצען—זיין אייגענע נשמה וואס איז ניט אויסגעשטאַ־
נען דעם נסיון. אין דער גריעכישער דראַמא געהט קעניג עדיפּוס אונטער, ווייל אַזויא
איז געווען זיין מערכה פון דיא געטטער, שעקספּירס מאַקבעטה אבער זינדיגט, טראָגט
זיין אייגענע שולד אונד ער געהט אויך אונטער דורך זיין אייגענעם געוויסען. נאָך
דיעזען קריסטליך־אידישען קוק איז דער מענש פעראַנטוואָרטליך פאַר זיך אַליין,
אבער ניט אין היינטיגען זינן, לויט וועלכען דער מענש ווערט, אויב ניט אין גאַנצען
איז כאָטש גרעסטענטהיילס, פעררעכענט אַלס דער פּראָדוקט פון אומשטענדען, אונד
לויט וועלכען מען קען אויף איהם ניט אַרויפוואַרפען קיין דירעקטע שולד. נאָך דעם
קריסטליך־אידישען קוק קומט אויס, אַז ווען דיא שלעכטס ציהט דעם מענשען אונד
רייסט, דאַן מוז ער זיך אַליין שטעלען דער קראַפט אַנטקעגען; דיא נשמה זיינע איז

בי איהם א געליהענע,—היט זיא נור פון נסיונות;—אבער וויא נור ער קען זיא ניט איינהיטען, טא האט שוין דיא שלעכטס איבערגענומען דיא ממשלה אונד דער מענש געהט אונטער אונד דיא איינציגע זאך וואס קען איהם דאמאלס ארויסראטעווען פון גיהנם איז גאט'ס וואונדערליכער גנאד, אניט ראטעוועט ער זיך אליין דורך דעם וואס ער איז זיך אליין גובר אונד דורך א שווערער אבקומענים. ניט אומזיסט לאזט דער קריסטליכער מאראל־פרעדיגער ט א ל ס ט א י אין זיין „מאכט דער פינסטערנים“ ניקיטאן, וועלכער קען ניט שטעללען זיך ענטקעגען דאס שלעכטס, נעהמען אויף זיך דיא גאנצע שולד אלס א תשובה אום צו ראטעווען זיין נשמה. אונד דאך האט ער אליין קיין זאך ניט געוואלט טהון, אנדערע האבען איהם געפיהרט אונד געשטופט אנצוטהון דיא אללע צרות. אלע דיא איבריגע אבער בלייבען אונבעשטראפט. „זאללען זיי, אזוי דוכט זיך זאגט צו זיך דער פרעדיגער, זיך אליין אויסגלייכען זייערע אייגענע השבונות!“

דיא האנדעלנדע פערזאן אין דער גריעכישער דראמא פלעגט זיין דער קעניג, דער העלד, דער פריעסטער — אלץ בעשטיממטע, שטענדיגע טיפען, אין דער ענגלישער דראמא אבער איז דיא האנדעלנדע פערזאן, דיעזער קעניג, דיעזער קויפמאן, דיעזער בעטלער, דיעזע פערזאן אונד ניט קיין אלגעמיינער טיפ. אנשטאט דעם שיקזאל ווירקט יעדער זעלבסט, דען יעדער איינער האט זיך געהאט זיין אייגענעם געוויסען אונד זיין אייגענעם רעכנונג. אונד אויף אזא אופן קוממען מיר אין דער דראמא צום אינדיווידואום. יעטווידער פערזאן אויף דער ביהנע ווערט בייא שעקספיער א כאראקטער, וועלכער קען אונטערשיעדען ווערן פון אנדערע כאראקטערע אונד פערזאנען. יעדער איינער האנדעלט פון זיך אליין נאך זיין אייגענעם כאראקטער נאך. דער כאראקטער מוז דעריבער שטודירט אונד געצייגט ווערן דורך שטארקערע אונד שוואכערע פארבען, דורך קאליארען אונד קאליארלאך, דורך קליינע אונד גרויסע פאסירונגען, וועלכע אללע אין איינעם גיעבען אונז א ריכטיגע בילד פון איהם. אין דירעקטען היפך צו דער היינטיגער מיינונג אין אזעלכע זאכען, האנדלען צווייא מענשען אונטער איין אונד דיעזעלבע אומשטענדען, אין דער ראמאנטישער דראמא, אויף שעקספיער'ס שטייגער, אימּמער פערשיעדען, דערפאר וואס זייא האבען צווייא פערשיעדענע כאראקטערע. אונד אזוי האט עס שעקספיער בעשאפען זיינע גרויסע דראמען, וועלכע איבערלעבען איין דור נאך דעם אנדערן, אונד זייער ליכטיגקייט שיינט וואס ווייטער העללער. שעקספירס גרויסע שאפפונגס־קראפט האט טיעף ארייננעקוקט אין די מענשליכע הערצער, אונד מיט אונזער גאנצער היינטיגער מענשענקענטנים, מיט וועלכער מיר שטאלצירען אזוי, האבען מיר דאך אין אונזער היינטיגער דראמא קיין טיעפערע זעעלען־צוגליעדערונג וויא אין שעקספיער'ס האמלעט ניט געקענט דערגעהען. מען קען זאגען דאס אייגענטליך האט עס ערשט דער 19טער יאהרהונדערט שעקספיר'ס גרויסען ווערטה פאלקאם דערקענט.

* * * * * *

שפאניען אונד ענגלאנד זיינען עס אלזא אייגענטליך געווען דיא איינציגע לענדער וועלכע האבען, צו דער צייט פון דיא רענעסאנס, פערמאגט א ווירקליכען טהעאטער. דיא איבריגע לענדער זיינען געווען צורריסען אונד אויסגעמארעט פון רעליגיעזע מלחמות. ערשט אין אנדערטהאלבען הונדערט יאהר ארום, צום סוף פון 17טען יאהרהונדערט אין דער „גאלדענער צייט“ פון פראנקרייך האט זיך דיא דראמא בעוויזען אויך דארט. ק א ר נ ע ל ל האט בעשאפען זיין „סיד“, ר א ס י ן איז באלד געקוממען מיט זיין „פעדרא“, „איפיגעניע“, „אטהאליא“, א. ז. וו. זייא בײדע האבען בעשאפען קלאססישע דראמען, אויף דעם אלט־גריעכישען שטייגער, מיט א הויך־שעהנער שפראך, גוט געבויטע פארמען, אונד נאך דיא רעגעלען נאך. וואס איז שייך צו זייער אויסערליכען אויסזעהען, זיינען קארנעלל'ס אונד ראסין'ס דראמען געווען ניט ערגער, אויב נאך ניט בעסער, פון דיא אלט־גריעכישע. אינוועניג אבער זיינען זייא געווען ניט מעהר וויא נאכמאכונגען, אפילו גוטע נאכמאכונגען, אבער אהן א קערן. ניט אזוי האבען דיא גריעכען געטראכט, וויא אין דיעזע דראמען שטעללט זיך פאר. נאך אללע מעשות זיינען דיא פערזאנען פון דיעזע דראמען געווען פראנצויזען איינגעוויקעלט אין גריעכישע מאנטלען.

בייא דער זייט פון דיא קלאססישע שטיקער, וועלכע זיינען געווען געשריבען

פיר האפ־לייטע, נאך דיא עטיקעט־פארשריפטען פון דעם הויף פון לודוויג דעם 14טען. דעם אטאקראטישסטען פון אללע קעניגע, האט מ א ל י ע ר געשריבען זיינע קאמעדיען. מאליער איז געווען דער איינער וועלכער איז מיטביידע פיס געשטאנען פעסט אויף דר'ערד, שטארק געוואקסען אט אזוי וויא יענע ריעזען, מכוח וועלכע עס ווערט דערצעהלט, אז ווען זייא פלעגען שטעהען אויף דער ערד, האט זיי קיינער אין דער וועלט ניט געקענט בייקומען. דאס פאריזער פאלק האט איהם זעהר ליעב געהאט אונד פלעגט מיט גרויס חשק צוקוקען זיך צו זיינע שטיקער. ווען דיא רעגיערונג האט, א דאנק דיא שתדלנות פון דיא יעזואיטען, פערבאטען אויפצופיהרען זיין „טארטיוף", האט דאס פאלק פון פאריז דעמאנסטרירט אלס א פראטעסט. ג ו ט צ ק א ו ו גיט א גוטע בילד דערפון אין זיין „דאס אורבילד דעם טארטיוף". מאליער'ס מענשען־קענטניס איז געווען גרויס אונד קיין מאל איז ער ניט מיעד געווארען ארויסצוציהען דעם שלייער אונד ארויסצושטעללען דיא מענשליכע שוואכקייטען, נארישקייטען אונד קליינליכקייטען, אויך ניט גאר זעלטען זייערע געמיינהייטען. זיין „קארגער" דער „מענשענהאסער" אונד איבערהויפט זיין „טארטיוף" האבען דיא מענשליכע חסרונות אויף אימער צו לעכערליך געמאכט. אמת איז, אז דיא כאראקטערע אין זיינע קאמעדיען זיינען אזוי וויט איבערטריבען דאס זייא זיינען ניט גאר פיעל עהנליך צו דיא מענשען פון דער ווירקליכער וועלט אונד דאס מעהר וויא איין איינצעלנע לייִדענשאפט זעהט זיך אין דעם גאנצען כאראקטער כמעט וויא ניט אן, אזוי וויא אין קאריקאטורען. דערפאר איז אבער דיעזע טבע געמאהלט ביז צו דעם העכסטען אונד לעצטען גראד. מיט זיין „טארטיוף" האט ער אויף דור דורות אוועקגעשטעלט אויפ'ן שאנד־קלאץ דעם צבוע'אק מיט דעם געזיכט פון א קדוש, וועלכער דארף זיך ניט אללע מאל דוקא פערשטעללען אהינטער דער רעליגיעזער מאסקע אונד וועלכער גנב'עט זיך אריין אין יעטווידער געזעללשאפט פון דער פרוממסטער ביז דער ראדיקאלסטער. יענע סארטען מענשען וועלכע רויבען אב א ירושה, אז ניט קען נאך עס חלילה דער יונגער יורש פערהולטאיעווען אונד וועלכע קושען א מיידעל פון „פיורער אנשטענדיגקייט וועגען".

אין דעם פערלויף פון דעם אכטצעהנטען יאהרהונדערט איז דער איינפלוס פון פראנקרייך אויף דיא איבריגע לענדער פון אייראפא געווען אזוי גרויס, אונד מיר בעגעגענען אין זייא צו יענער צייט אזוי וועניג זעלבסט־שטענדיגעס. ערשט אין מיטען פון דעם 18טען יאהרהונדערט האט דיא דייטשע דראמא, בייא לעססינג'ס אנקוממען, געפונען זיך א רעטטער אונד א וועג־וויייזער. ביז לעססינג איז דער דייטשער טהעאטער בעשטאנען פון בלויזע נאכגעמאכטע שטיקער, נאך דעם פראנצויזישען שניט. אלס א קריטיקער וועלכער האט ניט געקוקט אויף קיין זאך האט ער זעהר פיעל געווירקט אויף דער רייטשער ביהנע, נאך מעהר וויא דורך זיינע אייגענע דראמען. דורך זיין קאמעדיע „מיננא פאן בארנהעלם" אונד דורך זיין „נתן החכם", האט ער אין דער ערשטער געשאפפען דיא ערשטע דייטשע קאמעדיע מיט ווירקליך דייטשע כאראקטערע אונד אין דעם צווייטען, אין „נתן", האט ער בעשאפען א שוישפיעל פולל מיט עהרפורכט איינפליסענדער רוהע אונד ווירדיגקייט, אין פוללער הארמאני מיט דער הויכער אידעע פון פילאזאפישער דולדזאמקייט, וועלכע „נתן" פרעדיגט. נון האט זיך אנגעהויבען דייטשלאנד'ס „שטורם אונד דראנג" פעריאדע. דיא נייע אידעען פון דיא ענציקלאפעדיסטען, דיא אידעען פון דידערא, ד'אללאמבער, וואלטער אונד רוססא האבען פערפלייצט פראנקרייך, האבען זיך ארויסגעשפארט איבער איהרע גרענצען אונד האבען אריינגעדרונגען איבעראלל. דיא געבילדעטע יוגענד פון דייטשלאנד איז פון זייא פערכאפט געווארען. מען האט שוין פון דער וויטען געקענט הערען די דונערן פון דער אנקומענדער גרויסער רעוואלוציאן. דיא לופט איז געהאנגען שווער אנגעטרונקען איבער דיא קעפ אזוי וויא פאר א שטורם. דיא געבילדעטע יוגענד פון דייטשלאנד האט עס אללעס דורכגעלעבט, דאס פאלק איז אבער געווען צו וויט הינטערשטעלליג אום עס זאלל עפעס קענען געטהאן ווערען, אונד אזוי זיינען אלל דיא ליידען אונד שטרעבונגען פון דער געבילדעטער יוגענד געבליבען רוהען אין דער וועלט פון דיכטונגען אונד זיינען ניט ארויס אין דער וועלט פון טהאטען. אין דער דיכטונג אבער האבען זייא זייערע פורפור־העללע געשטאלטען אוועקגעשטעללט פיר דור דורות. עס האט געיירט, געקאכט אונד געזאדען אונד דיא קראפט פון דעם דייטשען פאלק האט זיך געדאכט וועט אט אט ארויסשפארען אין דרויסען. אזוי וויא א ו ה ל א נ ד האט עס

אזוי ריכטיג דערפיהלט ווען ער האט דערזעהען געטהע'ס נאמען אויף דעם שטראססבורגער קאטהעדראל־טהורם:

אינם גראססען בוי א יירען,
איהם ווילט זיך וואונדערבאר
פון זיינע לענדען געבוירען,
וואס ניט דערענדיגט וואר."

אונד דאס דייטשע פאלק האט געבארען זיין גרעסטען זוהן, יאהאן וואלפגאנג געטהע, דיא גרויסע אונצוטהיילטע פערזענליכקייט פון דער נייער צייט. אללעס איז איהם געגעבען געווארען. איהם האט געהערט אי דאס וויסען אי דאס קענען; איהם האט געהערט דיא פאנטאזיע, איהם האט אויך געהערט דער קריטישער פערשטאנד. דיא טענער פון דיא פאלקס־מעלאדיען האט ער צו זיך ערווארבען אונד איבער די העכסטע אונד וייטסטע שטרעקעס פון דער געדאנקען־וועלט האט זיין קלארער בליק געשפאנט אונד ער האט נייעס בעשאפען, פון דער „היידערעזליין" ביז צו דער פארבען־טהעארי אונד ער איז געזעסען אויף זיין פלאטץ גלייך וויא א מאדערנער פראמעטהעאוס:

„היער זיטץ איך, פארמע מענשען
נאך מיינעם בילדע,
„איין געשלעכט, דאס מיר גלייך זיי,
„צו ליידען, צו וויינען,
„צו געניעסען אונד צו פרייען זיך,
„אונד דיך ניכט צו אכטען
„אזוי וויא איך". *)

געטהע האט אויך דראמא בעשאפען. ער האט עס לייכט געקענט דורכפיהרען אונד צוערסט האט ער געשאפען גאר אהן אירגענד וועלכער טהעארי, ווארים ער האט פערמאגט דיא קראפט „צו זעהען דורך בילדער". זיין „געטץ פון בערליכינגען" (1775) פיהרט אונז צוריק אין דעם בויערן־קריעג אריין אונד מיר געפינען דא גאנץ קאמפף־לוסטיגע געשטאלטען. אט דאס איז געוועזן כאראקטער־דראמא אהן נאכמאכערייא, אט דאס איז טאקע געוועזן דער ריכטיגער מאטעריאל. דיא גאנצע ארומיגע וועלט פון דעם בויערן־קריעג, דיא פערשיעדענע פיהרונגען אונד גלויבונגען ווערן דא דעם צושויער בעוויעזען. דאס איז געוועזן ווירקליכע געשיכטע. דאן איז געקומען דער „קלאוויגא" אונד דיא גרויסע טראגעדיע פון דעם נעדערלאנדישען פאלק „עגמאנט". דערנאך האט ער געשריעבען קלאססישע דראמא אונד האט בעשאפען זיין „איפיגעניע", וועלכע פון דער גאנצער ליטעראטור פון דער מאדערנער וועלט קומט אם נעהענטסטען צו צו דער גריעכישער דראמא. דעם גאנצען לעבען זיינעם אבער האט ער געארבייט אויף דער גרויסער צואה וואס ער האט איבערגעלאזט פאר דער מענשהייט, אויף זיין „פאוסט". אלץ וואס דער מענשליכער גייסט האט זיך ערווארבען דורך דיא יאהרטויזענדע פון זיין עקסיסטענץ, אלל דיא פראגען וועלכע האבען איהם בעוועגט, זיין גאנצער קוק אויף דער וועלט—אללעס דאס האט געטהע אריינגעלעגט אין זיין „פאוסט." מיט דער מייסטערהאנד פון א מישעל אנדזשעללא האט ער דא אללעס צונייפגעקנאטען אין איין גאנצעס. גלייך וויא א בארג וועלכער ערהויבט זיך הימעלהויך אונד פערליערט זיך אין דיא וואלקענס אונד דאך וואקסט ער ברייט אונד גרויס ארויס פון דער ערד, אזוי שטעלט זיך אונז „פאוסט" פאר. מיט דיעזע גרויסע פראגען צו בעשעפטיגען זיך האבען געוואגט טיטאנען וויא גראבבע אונד לענאו, אויבערמלאכים וויא בייראן, קינסטלער וויא פלאבער, קיינער אבער האט ניט געקענט דערגעהען אין זייא אזוי הויך וויא געטהע אין זיין מייסטערווערק איז דערגאנגען.

אם נאהענטסטען צו געטהע'ן איז געשטאנען דיא אידעאלע געשטאלט פון שילער. זייענדיג מילדער פון נאטור איז ער אויך פערשטענדליכער אונד דערפאר פערנעהמט שיללער דעם ליעבסטען פלאץ אין דער הארץ פון דייטשען פאלק. זיינע דראמען זיינען אידעאל־דראמען. דער גייסט פון שיללער רעדט ארויס פון אללע פערזאנען

*) געטהע'ס פראמעטהעאוס רעדט דיעזע ווערטער צו צעאוס, דעם אלט־גריעכישען ג פון דיא געטטער.

וואס ער האט בעשאפען, מענשען פון דער ווירקליכקייט גענומען, דאס זיינען זייא ניט, זייא זיינען אבער קאנצענטרירטע, פיעל צו פיעל פערשטארקטע כאראקטערע,— דאס זיינען זייא. נאכדעם וויא ער האט פרייגעלאזען זיין יוגענדליכע אונגעדולדיגקייט, אין זיינע „רויבער", נאכדעם וויא ער האט זיך ערקלעהרט פאר דעם רעפובליקאניזמוס אין זיין „פיעסקא" האט ער, מיט זיין „קאבאלע אונד ליעבע" בעשאפפען דיא ערשטע כאציאלע דראמא פון אונזער צייט. אונד כאטש דער אינהאלט פון דער שטיק איז אביסעל אלט פערבלייבט זי דאך נייע ביז היינטיגען טאג אונד איז עד היום איינע פון דיא בעליעבטעסטע ביי'ן פאלק. דיא שטיק איז דורכאויס לעבען. דערנאך איז געקומען דיא גרויסע טראגעדיע „דאן קארלאס". דיא גאנצע גרויסקייט פון זיין כאראקטער־צייכנונג האט אבער שילער עררייכט מיט זיין דריי־טהייליגען „וואללענשטיין". פאר אונזערע אויגען ציעהט פערבייא דער בלוטיגער דרייסיג־יאהריגער רעליגיאנס־קריעג אין דייטשלאנד. מיר זעהען דעם בעריהמטען גענעראל וואללענשטיין אין זיין לאגער צווישען זיינע זעלנער. שארף איז זיין בליק אונד דורכדרינגענד, זיינע האנדלונגען זיינען בערעכענט, ער איז אבער בלינדערהייט איינגעטרויט אין געוויסע מענשען וועלכע פערדארבען איהם. פערראטה בעגעהט ער אונד דורך פערראטה פאללט ער. זיין טראגישער שיקזאל אונד איבערהויפט זיין פערבלענדקייט, וועלכע זעהט אויס אזוי וויא עס וואללט פאר איהם געוועזען בעשטימט פון פאראויס דורך'ן שיקזאל, דאס ערהויבט דיא שטיק צו א גריעכישער שיקזאל־טראגעדיע מיט א היינט־וועלטיגער כאראקטער־צייכנונג.

א דאנק געטהע'ן אונד שיללערן האט שוין דיא דראמא געקראגען איהר פלאץ אויף איביג. זייא ביידע האבען דעם טהעאטער אויפגעהויבען צו אזא שטופפע וועלכע איז פון דער העכסטער וויכטיגקייט פאר דיא בילדונג פון א פאלק. נאך זייא איז געקומען א גלענצענדע רייהע דראמאטורגען. קלייסט וועלכער האט אזוי פיעל געוויכט געלעגט, אויף דער פסיכאלאגיע, ספעציעל אין „קעטכען פאן היילבראון". מיט דעם דריללינג־שטערן העבבעל, לודוויג אונד גראבבע, איז ענטשטאנדען דיא רעאליסטישע שוהלע. פיער יאהר פאר דעם רעוואלוציאן־יאהר 1848 איז ערשיענען העבבעלס „מאריא מאגדאלענא", א בירגערליכע טראגעדיע. מיט דעם נאמען—אין דער שטיק איז ניטא קיין פערזאן מיט אזא נאמען—האט אונז העבבעל געוואלט דערמאנען אן יענער הייליגער מאריא מאגדאלענא וועלכער „מען מוז פיעל מוחל זיין, ווייל זיא האט אזוי פיעל געליעבט." דאס איז דיא ערשטע גרויסע טראגעדיע אויף דעם געזעלשאפטליכען באדען. ווער עס לעזט דיא שטיק איצט דער זעהט אין איהר א פערוואנדשאפט מיט איבסען אונד מיט הויפטמאן זיא איז ווירקליך גרויס. דיא האנדלונג איז אין איהר איינפאך, דיא מענשען געוועהנליכע, לעבעדיגע מענשען אונד דאך געהט דיא מיידעל צו גרונד, עס געהען אויך אנדערע צו גרונד דורך זייער פאלשען בעגריעף פון עהרע, דורך זייער פערווירטען לעבענס־קוק. דער אלטער „מייסטער אנטאן", א דייטשע כאראקטער־געשטאלט פון דעם בירגער־קלאסס, האלט זיך נאך שטארק בייא דיא אלטע גלויבונגען אונד ווען זיין טאכטער בעגעהט זעלבסטמארד זעהט ער דעריין נור איהר שולד אונד ווען מען זאגט איהם אז ער מיט זיין עקשנות איז אין אלץ שולדיג ענדיגט זיך דיא שטיק מיט זיינע לעצטע ווערטער: „איך הער אויף צו פערשטעהן די וועלט", „מאריא מאגדאלענא" איז עטוואס אנדערש פון זונדערמאן'ס ליארעמדיגע „עהרע" מיט איהר וואונדערגראף. אזוי איז אויך לודוויג'ס „ערבפערסטער" א קרעפטיג שטארקעס ווערק וואס איז געגרינדעט אויף דעם בעגריעף פון יושר.

דער בעשרענקטער פלאץ ערלויבט אונז ניט צו בעטראכטען די צווייטע־קלאסנע דיכטער. אזוי אויך זיינען זאגאר דיא גרעסערע געווג קורץ בעשפראכען געווארען.

אם ענדע פון דעם 19טען יאהרהונדערט האט דיא דראמא זעהר הויך ארויפגעוואקסען. איבסען האט זיך בעוויעזען אין הארויזאנט בעגלייטעט, הגם גאנץ פון ווייטען, פון ביערנסאן. הויפטמאן האט זיינע „וועבער" בעשאפען, „האננעלע" אונד „די פערזונקענע גלאקע", וועלכע, „מיכאעל קראמער" אריינגערעכענט, זיינען ביז יעצט זיינע בעסטע ווערקע. מיט זייא איז צום לעצט דאס איצטיגע לעבען ארויפגעקומען אויף דער ביהנע. דיא „וועבער" איז אמת'ע געשיכטע פון דער געזעללשאפט אזוי וויא גאגאל'ס

,,רעוויזאָר". אַט דערייַן ליעגט דיא אימער דויערנדע ווערטה פון דיא ,,וועבער".*)

מען מוז לסוף אויך דערמאָנען דיא סימבאָליקער, צו דיא וויכטיגסטע פון וועל־כע עס געהערען אויך איבסענס לעצטע ווערקע. האָפּטמאַנשטאַהל אין דייטשלאַנד, מעטערלינג אין פראַנקרייך, מינסקי אין רוסלאַנד. דאס איז שוין אַנאַנדער קונסט, ניט פאר'ן פאָלק געשריבען. א קונסט וואס ראַנגעלט זיך אין איהרע פריהסטע שטופען אום צו ערוואָרבען זיך עפּעס קלאָהרעס אונד פעסטעס. דאָ אונד דאָרטען קען מען שוין זע־הען עפּעס וואס איז וואונדערליך שעהן, אונאויסדריקבאר ליעבליכעס, דערפאר אבער צופיעל אונזיכערעס. ביז היינטיגען טאָג איז נאָך קיין איין סימבאָלישע דראַממא, אַלס זאָלכע, פון קיין גרויסען פובליקום ניט פערשטאַנען געוואָרען. סיידען דיא שטיק געהט צוריק צו דיא פאַבעלהאַפטע מערכען־דראַמען וויא דיא ,,פערזונקענע גלאָקע", וואו דיא סימבאָליק איז דיא סימבאָליק פון פאָלק. אונז בלייבט נור איבער צו ווינשען דאס אויך דיעזע ריכטונג זאָלל געזונדערהייט איבערקומען איהר ,,שטורם אונד דראַנג" צייט, צום וואָהל אונד בעסטען פון דער קונסט. דען יעדע עכטע קונסט בויט אויף זיך זעלבסט אונד שעפּט איהרע קרעפטע פון איהר אייגענעם ברונעם. אויף איהר פאַסען גוט דיא ווערטער וועלכע מערלין האט איבערגעלעזען אויף דיא טויערען פון קדשי קדשים:

,,איך האב זיך מיין אייגענעם געזעץ געגרינדעט,<br>
,,אומזיסט זוכט איהר מיך.<br>
,,דער וואַנדערער, וועלכער מיין טעמפּעל פינדעט,<br>
,,דעם געזוכט האב איך."

**מ. לעאָנטיעף.**

---

*) וועגען איבסען אונד הויפּטמאַן זעה ,,פרייע געזעללשאַפט" ערשטע סעריע.



מירעלע אפרת די יודישע קעניגין ליער
דיא שחיטה
מעדעא'ס יוגענד
די שבועה, אָדער ראניע די פאטשטארקע
מעדעא
דער ממזר, אדער לוקרעציא באָרדזשיא

זיינען דיא פיעסען, וועלכע העדר יעקב גאָרדין האט געשריבען ספעציעל פיר

# מאדאם ק. ליפצין

---

דיא אלע פיעסען זיינען דאס אייגענטהום פון דער קינסטלערין אונד ווערען אויפגעפיהרט אויף דער ביהנע געטריי נאך דעם פערפאסער'ס מאנוסקריפטען

---

אין פאָרבערייטונג אן אָריגינעלעם ווערק פון יעקב גאָרדין, ספעציעל געשריבען פיר מאדאם ק. ליפצין

# דיא יתומה

## אָדער האסיא פון קאָראטשעקראק

דראמא אין 5 אקטען, וועלכע וועט איבערראשען דאס קונסטליבענדע פובליקום

Telephone Call, 988 Franklin

# Daily Jewish Herald

The most popular Jewish Daily in the United States

ESTABLISHED 1887

The only Newspaper promoting light and Knowledge among the Jews in America

# The Volksadvocat

(Weekly)

132 CANAL STREET
NEW YORK

רער טענליכער העראלד ניעבט זיין בעסטען גליקוואונש צו דעם יובילאַר, מר. יעקב גאָרדין, וועלכער איז איינער פון דיא הויפט מיטארבייטער אין דיעזער צייטונג

## NOTICE

## Mr. J. Katzenelenbogen

the well-known publisher of music, plays, and theatrical songs, of 66 Canal St., this city, is a member of the lately formed consolidation known as **The Hebrew American Publishing Co.**

According to arrangements made with his Corporation, Mr. Katzenelenbogen is to continue his book-store under his name. All orders, therefore, may be addressed to him as heretofore.

Mr. J. Katzenelenbogen is in possession of a stock to satisfy all demands, but more particularly of manuals of English in foreign languages.

Address all orders:

J. KATZENELENBOGEN

66 CANAL STREET, NEW YORK

## Physicians

JULIUS HALPERN

250 East Broadway

New York

H. SOLOTAROFF

253 East Broadway

New York

M. GIRSDANSKY

239 East Broadway

New York

S. INGERMAN

121 East 112th Street

New York

## Counsellors at Law

ABRAHAM S. SCHOMER

183 Henry Street

New York

SIMON O. POLLOCK

320 Broadway

Central National Bank Building

New York

JOSEPH J. HARRIS

302 Broadway

New York

PHILIP L. LIEBMAN

302 Broadway

New York

# טהאליא טהעאטער

אונטער דער מענעדזשמענט
פון דייוויד קעסלער
און לעאָפּאָלד שפּאכנער

איז דער איינציגער טהעאטער, וועל־כער פּערדיענט אין דער ווירקליכ־קייט רעספּעקט און אַכטונג פון אַלע ליעבּהאבּער און פּערעהרער דער דראַמאַטישער קונסט

דיא טהאליא טהעאטער קאמפּאני, וועלכע בעשטעהט פון

הערען דייוויד קעסלער און מאדאם בּערטהא קאליש אן דער שפּיצע
וויא אויך
הערר בּערנשטיין, הערר בּלאנק און הערר מאשקאוויטש

איז דיא איינציגע קאמפּאני וועלכע איז פּעהיג אויפצו־פיהרען אזעלכע גייסטרייכע און קונסטפאָלע פּיעסען פון

## הערר יעקב גאָרדין

וויא „סאַפּהאָ“, „גאָטט, מענש און טייפעל“ און „שלמה׳לע שארלאטאן“

# ווינדזאָר טהעאטער

היינע און הארוויטץ, לעסיעס
און מענעדשערס

## אלעס האט זיינע צייט —לכל עת!

אין דעם יאהר 1901—1902

שפּיעלט דאס ווינדזאר טהעאטער דיא ערסטע ראָלע צווישען דיא אידישע טהעאטערע



# פּראָפ. הורוויטץ׳ס בן הדור

האט געזיעגט אין היינטיגען טעאטער דור

Established 1893

PALEY

PHOTOGRAPHER

וועלכער פאָטאגראפירט גאָרדין

Studios :

141 Division Street

1672 Lexington Avenue

NEW YORK

---

Established 1896.

HERRICK BROS.

CAFE

141 Division Street,

Junction of Canal St. NEW YORK

פערזאמלונגס־לאָקאל פון דיא יודישע

סאָציאליסטען.

---

Open Day and Night

ZEITLEN'S

CAFE AND RESTAURANT

126 Canal Street

Near Chrystie Street NEW YORK

פערזאמלונגס־לאקאל פון דיא יודישע

שויש פּיעלער

---

Established 1881

MAX KOBRE

BANKER AND BROKER

40 Canal Street, New York

פערבינדונגען אין אייראפּא:

האמבורג, ברעמען, ראָטערדאם,

אנטווערפּען, ליבאו, קאָוונא, ווילנא, מינסק,

ברעסט־ליטאָווסק, ביאלאסטאָק

אונד ווארשאו

---

Established 1887

CAFE SACHS

86 Canal Street, New York

Open Day and Night

פערזאמלונגס לאָקאל פון דיא

אידישע משכילים

---

פריינדע! קומט אַלע צום

# מאססמיטינג

פון דיא

# 83 שריפטזעצער יוניאן נומ.

אין

# ניו אירווינג האלל

214-220 ברום סטריט

# מיטוואָך, דען 13טען נאוועמבער

פּראָמינענטע רעדנער

וועלען שפּרעכען

# THE EDUCATIONAL ALLIANCE



197
EAST
BROADWAY.

The place offering for the people
of the East Side opportunities
for Physical, Social, Educational
and Ethical improvement.



Established 1873

## S. JARMULOWSKY

BANKER

54 CANAL STREET — NEW YORK

PASSAGE TICKETS TO AND FROM EUROPE

Money Orders to all parts of the Globe.